**Levin, Z. (Zevulun).**
**Komedyen : 1917-1920 .**
**Nyu-York, 1920.**

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2004- 1885.15

**Levin, Z. (Zevulun), 1877-1935.**
Komedyen : 1917-1920 .
Nyu-York : [s.n.], 1920.
192 p. ; 19 cm.

1. Yiddish drama.--lcsh
I. United States-New York-New York

ID: NXYH00-B6053 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL #: /1302

Reduction ratio X 10.0

# קאָמעדיען

פון

ז. לעווין

(1917—1920)






ניו־יאָרק, 1920.

# אינהאַלטס־פאַרצייכנים





208

# דעם טאַטען׳ס טאָכטער

## פּראָלאָג.

מיט אַ יאָהר צוריק איז סענדער איילבערט, אַן אָרימער קרעמער, מיט זיין ווייב, פּייגע, געקומען אין אַמעריקא. זיי זיינען געקומען צו זייער רייכען איידעם, אַ פאַבריקאַנט פון מענער־קליידער. עס איז געווען פערשטאַנען, אַז די צוויי אַלטע, ביידע אין די זעכציגער, וועלען דאָ אויסגעהאַלטען ווערען פון זייער רייכען איידעם. אויף דער צווייטער וואָך האָט דער אַלטער סענדער צופעליג אונטערגעהערט אַ געשפּרעך צווישען זיין איידעם און טאָכטער. דער איידעם האָט געזאָגט, אַז ער איז ניט צופריעדען מיט דעם, וואָס די „גרינע“ אַלטע געפינען זיך ביי איהם אין הויז. ס׳איז ניט שעהן פאַר איהם, פאַר די רייכע „פּריוואַט נייבאָרהוד“. זאָלען די אַלטע אַוועקמופען ערגעץ און מען וועט זיי אַלע וואָך צאָהלען אַזוי פיעל און אַזוי פיעל. די טאָכטער האָט אַיינגעשטימט מיט איהר מאַן.

דער אַלטער סענדער, אַ שטאָלצער איד זיין גאַנצען לעבען, אַזאַ, אויף וועלכען מען זאָגט אין די היימישע שטעדטלעך, אַז ער „האָט פליעגען אין נאָז“, האָט זיך דערפיהלט שטאַרק געקרענקט און בעליידיגט, דערהערענדיג די רייד פון זיין איידעם און טאָכטער. דעמזעלבען טאָג האָט ער גענומען זיין אַלטע און פערלאָזען זייער הויז. דער איידעם האָט זיך געבעטען, די טאָכטער האָט געוויינט. עס האָט אָבער ניט געהאָלפען.

די אַלטע האָט איהר גאַנצען לעבען שטאַרק געהאַלטען פון איהר אַלטען און אַלע מאָל געטהאָן זיין ווילען. ער איז קיינמאָל ניט געווען שטרענג מיט איהר, ווייל דאָס איז גאָרניט נויטיג געווען. זי האָט גאָר קיינמאָל ניט געהאַט דעם וואונש עפּעס צו זאָגען אָדער מהאָן אַנדערש, ווי זיין בעגעהר איז געווען.

פערלאָזענדיג דעם הויז פון זייער טאָכטער און איידעם, זיינען זיי אַוועק צו אַן אָרימען לאַנדסמאַן. דער אַלטער האָט צוזאמענגע־קלאַפּט עטליכע דאָלאר און האָט זיך אַוועקגעשטעלט מיט אַ פּוש־קאַרט פּרוכט אויף קלינטאָן קאָרנער העסטער, לעבען אַ סטענד פון גרויסע, קוילעכדיגע שוואַרצע לאַבענס ברויט. זייער דירה איז געווען אין צוויי פינסטערע צימערען אין אַ קעלער, ניט ווייט פון זיין פּושקאַרט. זיי האָבען זיך געמאַטערט מיט'ן ביסען ברויט. די טאָכטער איז אַלע ווייל געקומען בעטען זיך און וויינען פאַר'ן טאַטען, ער זאָל אַוועקוואַרפען די פּושקאַרט און קומען וואוינען ביי איהר אין הויז, אָדער זיי זאָלען וואוינען אין א לייטישע דירה פאַר זיך, און דער איידעם וועט זיי אויסהאַלטען מיט אַלעם בעסטען. דער אַלטער איז אָבער געבליבען איינגע'עקשנ'ט און ניט געוואָלט צוהערען זיך צו זיין טאָכטערס געבעט. די אַלטע האָט געווּס ניט געוואָלט ליידען דחקות און נויט, און זי האָט ניט געקענט צוזעהן, ווי דער אַלטער מאַטערט זיך ביים פּושקאַרט; אָבער אַז „איהרער" זאָגט „ניין", קען זי ניט און וועט ניט זאָגען אַנדערש.

די לעצטע צייט איז דעם אַלטענס פּרוכט־ביזנעס געגאַנגען זעהר שלעכט: פּרוכט איז בראַנד־טהייער און דער פּראָפיט איז אַ זעהר קלאָגעדיגער — האָבען זיי געמוזט אַריינגעהמען אין זייער דירה אַ קוואַרטיראַנט מיט זיין „מאַשינדעל" צו פערגרינגערען אַ ביסעל דעם שווערען יאָך פון רענט.



## פּערזאָנען:

סענדער, אַ פּושקאַרט־פּעדלער, איבער 60 יאָהר אַלט.
פייגע, זיין ווייב, דיזעלבע יאָהרען.
פרידאַ, זייער טאָכטער, 35 יאָהר אַלט.
ר' זלמן, אַ לאַטוטניק, אַרום 60 יאָהר אַלט, אַן אַלמן.
אַ איד פון העסטער סטריט.

אַ קעלער אין דיוויזיאָן סטריט, צווישען דזשעפערסאָן און קלינטאָן. דער קעלער האָט צוויי חדרים: איינער „פאַר'ן גאַס", דער צווייטער — הינטען. די רענט איז צעהן דאָלאר אַ מאָנאַט. ר' זלמן צאָהלט פיער דאָלאר. יאָהרען לאַנג האָט שוין ר' זלמן ניט געהאַלטען אין האַנד אַ נייעם בגד און אפילו ניט אָנגעזעהן פאַר די אויגען, סיידען אין אַ פענסטער פון א קאַנאַל סטריטער קלאָטהינג־סטאָר; ער איז שוין אַזוי נידעריג געפאַלען אין זיין מלאכה, אַז גאָר־גאָר זעלטען, איינמאָל אין עטליכע וואָכען אפשר, טראָגט צו איהם אַריין אימיצער פון די שכנים אויסצופּרעסען אַן אַנצוג, אָדער אַ פּאָר הויזען. זיין גאַנצע חיונה ציהט ער פון די אָרימע הענדלער, וואָס קויפען אויף אַלטע קליידער איבער די הייזער; ער נעהט צו אַ קנעפּעל, פערטשאָבעט אַ שטיקעל אונטערשלאַג, פערשניידט און פערקלעפּט ווי־ניט־איז די פרענזלעך, וואָס הענגען נאָך פון די הויזען אָדער רעקעל. דער אָפּגעמאַכטער פּרייז איז אין דורכשניט אַ ניקעל אַ דזשאַב. זיינע פערדיענסטען וואַקלען זיך צווישען פיער און פינף דאָלאַר אַ וואָך — אָריבער פינף האָט ער ניט געמאַכט זייט אַ פּאָר יאָהר שוין.

אין דעם הינטערשטען חדר שלאָפט דעם פּעדלער'ס ווייב, פייגע; אין דעם פאָדערשטען —ביידע מאַנסבילען, דער פּעדלער און דער שניידער; אויך די פּושקאַרט נעכטיגט צוזאַמען מיט די מאַנסבילען. וואָרים די ביזנעס טראָגט ניט צו צאָהלען פינף און זיעבעציג סענט אַ וואָך דירה־געלד פאַר'ן פּושקאַרט אין אַ „סטייבעל", און אויך איז דאָ די סחורה זיכערער.

עס איז צווישען 9 און 10 אַ זייגער, אין אַ הייסען זומעראָבענד.

ווען דער פאָרהאַנג הויבט זיך אויף, זיצט דער שניידער ביי אַ לעמפעל און בלעטערט די אויגען איבער אַ בגד. ער זיצט אין אַ הוילער אונטערהעמדעל, אַ יאַרמולקע אויפ'ן קאָפּ. ביי די טרעפּ שטעהען פייגע און פרידאַ. די מאַמע איז אָרים און אויסגעמאַטערט, די טאָכטער — אַ רייך־פערפוצטע לוידי. מ'דערזעהט באַלד, אַז זי בעלאַנגט ניט אַהער. זי האַלט ביים אַוועקגעהן, מיט אַ פוס אויפ'ן אונטערשטען טרעפעל.

## פייגע.

געה ניט, ווארט נאך אויס א ווייל‏ע, ער'ט דאך באלד ארונטערקומען. כ'האב מורא, ס'ארויסגעווארפען דיין טרחה. ווען ניג האסטו נאך גערעדט און געבעטען?

## פרידא.

כ'האב אבגעמאכט מיין מיינד, אז היינט מוז נעהמען א סוף. נעכטען, דעם צעהנטען, איז שוין געווארען א יאהר. כ'קען דאס שוין מעהר ניט אריבערטראגען. איכ'ל געהן צו איהם אויפ'ן סטריט. עס די אייז־קרים, ס'צוגעהט דאך.

## פייגע.

ווער וויל אייז־קרים? ווען ליעגט דאס אין זינען? צו וואס ס'טו דאס געדארפט ברענגען? זעץ זיך נאך צו, ער'ט באלד ארונטערקומען. אפ'ן מיטען גאס וועסטו זיך אוועקשטעלען, ביי די פושקארטס...

## פרידא.

ס'איז מיר היים. כ'קען דא ניט דערכאפען דעם אטהעם. כ'וועל ארונטערקומען א ביסעל שפעטער מיט איהם. (זי געהט ארויף די טרעפּ און פערשווינדט. ר' זלמן לעגט אוועק זיין אַרביים, טהוט אויס די ברילען, קוקט צום טיש, וואו ס'שטעהט דאס פאַפּיערענע קעסטעלע מיט'ן אַייז־קרים.)



## ר' זלמן.

ס'וועט צושמאַלצען ווערען. (ער בעלעקט זיך.)

## פייגע.

איהר'ט עסען אַביסעל?

## ר' זלמן.

(מיט אַ שמייכעלע.)

אז איהר'ט מיר געבען, וועל איך עסען. (פייגע ברענגט אַ טעצעל מיט אַ לעפעלע, לעגט אַן אַייז־קרים און דערלאַנגט איהם. ער בעטאַפּט דעם קאָפּ, אויב די יאַרמולקע איז דאָ, מאַכט שטיל אַ ברכה און נעהמט עסען.) עסט איהר אויך, אַן עבירה, ס'וועט צוגעהן. (פייגע עסט פון קעסטעלע. פּויזע. ר' זלמן ענדיגט שלינגען, ווישט אָרום די וואָנצעס, הויבט אָןריידען.) אַז מ'וויל קען מען זאָגען, אַז כ'בין דאָ נאָך אַ פרעמדער אין הויז, די צווייטע וואָך ערשט וואוין איך דאָ מיט אייך. כ'קען דאָס אַבער ניט צוזעהן. אַ טאָכטער איז אַ טאָכטער, און ביי אייער ר' סענדער'ן איז דאָס מעהר ניט ווי עקשנות. הלואי וואָלט גאָט מיר געגעבען אַזאַ טאָכטער... אַז מיינע קינדער וואָלטען געקענט זיך צוזאַמענלעגען פאַר מיר כאָטש פיער טאָלער אַ וואָך... איצט האָבען מיר צוויי וואָכען נאָך שבועות. האָב איך שוין אַרומגעמופט מיט'ן מאַשינדעל פון חנוכה אָן, וואַרט, וויפיעל מאָל (ער רעכענט אין קאָפּ.) דאָ איז שוין דער פינפטער פּליים. אַזוי וואַלגער איך זיך אַרום... אַז מיינע קינדער וואָלטען זיך געקענט צוזאַמענלייגען פאַר מיר פיער טאָלער אַ וואָך... אַ קלוגער מענש, אייער ר' סענדער, מיר איז אַ וואונדער אויף איהם...

## פייגע.

ס'העלפט ניט קיין רייד. איהר זייט דאָ די צווייטע וואָך, האָט איהר נאָך ניט געזעהן אַלץ, וואָס דאָ טהוט זיך אָב, אַז זי קומט צוגעהן. מיינער האָט דען כח צו „פּערלען" מיט'ן „פּוש־

קאר״? און ריידען צו איהם וועגען דעם טאר איד ניט, ער וויל ניט ליידען.

ר׳ זלמן.

און אלץ איבער א ווארט, וואס איהם האט זיך אויסגעדוכט? ווי קען א מענש אזוי זיין?

פייגע.

אבגעדוכט האט זיך איהם „דייקע״ ניט. אז ער זאגט, ער׳ט אליין געהערט, האט ער געהערט. האבען זיי יע געזאגט, איז וואס איז? דארף מען שוין אויף אייביג זיין אזוי? צאפסט איהר די בלוט, צאפסט איהר די בלוט, ווי לאנג איז דער שיעור? א יאהר איז שוין היינטיגע וואך געווארען, מעג דאך שוין זיין זיין נענוג. כ׳רייד זיך אוים מיין הארץ פאר אייך, כ׳האב ניט פאר וועמען. גאנצע נעכט הוסט ער אפעט פון די נעץ פון בייסמענט... איך קען דאס אויך ניט אויסהאלטען... אז איך זאל ריידען א ווארט, וויל ער ניט.

ר׳ זלמן.

דער איידעם אייערע, וואס איז ער פאר א מענש?

פייגע.

א גאנץ וואוילער מענש, מעהר ניט וואס ער איז א ביסעל אן אמעריקאנער. ער איז דא געוועזן א פאר מאל. ער בעט זיך אויך נענוג ביי איהם. צוועלף אייגענע רומס פארוואוינען זיי.

ר׳ זלמן.

(בעגייסטערט.)

אזוי רייך?

פייגע.

(שמייכעלט.)

רייך... אפשר הונדערט מענשען ארבייטען אין זייער אייגענע „פעקטערע״.



ר׳ זלמן.

(מיט התפעלות.)

א קלאדינג פעקטערע, הא?... איבער א ווארט, אן עקשנות... אז מיינע קינדער וואלטען געקענט צוזאמענלייגען זיך פאר מיר כאטש פיער טאלער א וואך... איהר מעגט מיר דערצעהלען, כ׳וועל קיינעם ניט אפדערצעהלען, קיינעם. וואס האט ר׳ סענדער געהערט?

פייגע.

כ׳קען וועגען דעם ניט ריידען. ס׳איז געוועזן די ערשטע וואך ווי מיר זיינען דא געקומען, האבען זיי געמיינט, אז קיינער הערט ניט. מיין איידעם האט געזאגט מיין טאכטער, אז ער וויל מיר זאלען ארויסמופען, וועט ער אונז אלע וואך צאהלען. ער וויל ניט, מיר זאלען וואוינען אין זייערע רומס דארטען — —

ר׳ זלמן,

(שלאגט איהר איבער.)

פון וואנען וויים ער, אז איהם האט זיך דאס ניט אבגעדוכט?

פייגע.

אבגעדוכט האט זיך איהם ניט — — — (ס׳הערט זיך א שטילע קלאפעריי אין דער הויך ביים טיהר. די טיהר עפענט זיך.) זיי קומען. (זי שטעלט זיך אויף.)

ר׳ זלמן.

(שטעלט זיך אויך אויף.)

כ׳וועל גאר צוגעהן זיצען א ווייל̇ע אין העסטער פארק, ס׳איז ניט גוט, אז א פרעמדער איז דערביי... ער טהוט אן זיין היטעל און געהט צו די טרעפ. ס׳הערט זיך פון דער הויך פרידא׳ס קול: „לאז מיר דיר העלפען״, און סענדער׳ס ענטפער: „מ׳דארף ניט, כ׳טהו דאס אלע נאכט״. פרידא קומט אראב. זי בלייבט שטעהן און קוקט ארויף, ווי דער אלטער לאזט אראב ס׳וועגעלע פון די

טרעפ. זי איז אונגעדולדיג און אונרוהיג. ס'וועגעלע לאָזט זיך אראָפ; דער אַלטער פערשטופט עס אין אַ ווינקעל. ער ווישט אַרום דעם שוייס, טהוט אוים ס'היטעל און טהוט אָן אַ יאַרמולקע. ער זעצט זיך ביים טיש. ער איז אַ הויכער איד מיט אַ ביסעל אָן אויסגעבויגענעם רוקען, מיט אַ ברייטע, גרויע באָרד, מיט אַ הויכען שטערען.)

פייגע.

וועסט עסען?

סענדער.

הונגעריג בין איך ניט. אַ ביסעל קאַלטען שטשאַוו, אז דו האָסט.

פייגע.

וועסט זיך גאַרניט וואַשען?

סענדער.

כ'בין ניט הונגעריג. אַ טעלער שטשאַוו.

פייגע.

(לעגט אַוועק אַ צוזאַמענגעלעגטען טישטוך אויפ'ן ברעג טיש).

וואַש זיך, עס אַ פּאָר ביסען ברויט.

סענדער.

כ'האָב דיר געזאָגט, כ'בין ניט הונגעריג. (צו פרידאַ'ן.) האָסטאָך נאָך מסתמא צייט אַ פּאָר מינוט.

פרידאַ.

יעס, יעס, געוויס, עס. (ער עסט. מוטער און טאָכטער זיצען שטיל. פרידאַ קוקט מיט רחמנות אויף איהר פאָטער. זיין עסען נעהמט ניט לאַנג. ער מאַכט אַ ברכה אחרונה.)

סענדער.

נו, מיין טאָכטער, וואָס האָסטו מיר צו זאָגען?



פרידאַ.

טאַטע, דו ווייסט אַליין, כ'דאַרף דיר ניט זאָגען.

סענדער.

און דו ווייסט אויך.

פרידאַ.

איך קען דאָס מעהר ניט אַריבערטראָגען. ווי דו און די מאַמע זעהען אוים...

סענדער.

(מיט אַ שמייכעל.)

דאָס ווייסען מיר אויך.

פרידאַ.

(בעט זיך.)

טאַטע, דו האָסט אונז שוין גענוג געשטראָפט.

סענדער.

ביזט אַ נאַר, מיין טאָכטער. וואָס רעדסטו פון שטראָפען? פאַר וואָס קומט אייך צו בעשטראָפען? איהר האָט זיך ביי מיר ניט פערזינדיגט.

פרידאַ.

דו בעשטראָפסט מיך צו שטאַרק. מיין לעבען געהט מיר ניט איין, כ'האָב ניט קיין טאָג און קיין נאַכט, אַז איהר וואַלגערט זיך דאָ אין פינסטערען בייסמענט. ס'איז דאָך שוין הייניטיגע וואָך געוואָרען אַ יאָהר — זאָל זיין גענוג. כ'שעהם זיך פאַר מיינע קינדער. זיי ווייסען, אַז זיי האָבען דאָ אַ זיידע און אַ באָבע, זיי פרעגען זיך אויף אייך, און איך מוז זיי זאָגען ליגען. כ'קען זיי אָהער צו אייך ניט ברענגען.

סענדער.

דערצו, מיין טאָכטער, קען איך ניט העלפען.

### פרידא.

דו קענסט יע העלפען! ווי לאנג וועסטו דאס קענען אויס־האלטען שלעפען זיך מיט דיין פושקארט?!

### סענדער.

אז גאט וועט געבען לעבען, וועט ער געבען כח. ווי לאנג, מיינסטו, האב איך דאס נאך אין גאנצען צו פאהרען? כ'בין שוין אבגעפאהרען גאנץ ווייט. (פייגע געהט אריין אין צווייטען צימער.)

### פרידא.

טאטע, איך וועל היינט פון דאנען ניט אוועקגעהן.

### סענדער.

(שמייכעלט.)

ביזט ביי מיר אן אנגעלייגטער גאסט. (ערנסט.) כ'קען ניט אוועקזועצען זיך ביי דיר אויף אלעם פארטיגען, כ'בין חס ושלום ניט קיין קאליקע.

### פרידא.

א יאהר איז שוין געווארען און דו קענסט נאך אלץ ניט פערגעסען די פאר ווערטער און דו ווילסט מיר ניט מוחל זיין.

### סענדער.

דו רעדסט נארישקייט. ווער דערמאנט איצט וועגען יענע רייד?

### פרידא.

אבער איך ווייס דאך, אז עס איז אזוי. ווי קען איך לעבען אין מיין הויז, אין מיין פאלאץ, אז איהר ליעגט אין אזא בייס־מענט?... אלרייט, איהר ווילט ניט וואוינען מיט אונז, קענט איהר זיך וואוינען בעזונדער. איהר וועט זיך נעהמען דריי שעהנע רומס און וואוינט זיך אליין און רוהט זיך אויס אויף דער על־טער. איך האב גענוג פאר זיך און פאר אייך. איהר וועט דען



אנקומען צו פרעמדע? מעגסט דאך שוין רחמנות האבען אויף דער מאמען. איך האב זיך מסתמא פערזינדיגט, דו זאלסט מיר פערצאפען מיין בלוט, אבער אויף דער מאמען איז דאך א רחמנות, ס'איז ניט פאר איהרע כחות.

### סענדער.

(שרייט.)

פייגע, קום אריין! (פייגע קומט.) אט איז זי, די מאמע, פרעג איהר, וועסטו הערען. נאך אונזער חתונה איז שוין ארי־בער פערציג יאהר. כ'האב ניט געהערט פון איהר קיינמאל, אז איך פערדיען איהר ניט גענוג, און אויף איהר האב איך אויך ניט וואס צו בעקלאגען זיך. איהר שטשאוו איז אן אמת'ער מאכל. אז איך וואלט געהאט צו געבען איהר עפעס בעסערס, וואלט זי מסתמא ניט ארויסגעווארפען. אבער בעזעצען זיך ביי דיר אויף קעסט, צי אין רומס, און דו זאלסט מיר אלע וואך ארייגשיקען, בין איך ניט אזא מענש.

### פייגע.

(מיט א געבראכען קול.)

הער שוין אויף א מאל טרינקען איהר בלוט. (זי געהט צו־ריק אריין אין הינטערשטען קאמער.)

### פרידא.

(אן אויפגערעגטע.)

דו וועסט מעהר די פושקארט ניט אנריהרען! איכ'ל מא־כען דערפון א בארג אש! (זי שטעלט זיך אויף, ווארפט די צודעק פון פושקארט, וויל צוברעכען, צורייסען.)

### סענדער.

(שטעלט זיך האסטיג אויף, נעהמט אן איהרע ביידע הענד, רעדט גוטמוטהיג.)

דא, מיין טאכטער, בין איך באלעבאס. אז דו וועסט צו־פיעל שטיפען, וועל איך דיר נאך אבשמייסען אויך, כ'בין דיין

טאטע. צו מיין פערמעגען זאלסטו זיך ניט צוריהרען. (פויזע. פרידא זעצט זיך און וויינט שטיל איןביידע הענד. סענדער קוקט פערטראכט אויפ'ן טיש, דעם קאפ אנגעשפארט אויף די הענד.)

### פרידא.

(ווישט אויס די אויגען.)

הער, טאטע, דו ביזט אז עקשן, אז איינגעשפארטער. איך בין אבער דיין טאכטער, געראטען אין דיר. (פעסט.) איך וועל ניט ארויסגעהן פון בייסמענט און איבערלאזען אייך ביידען דא. מאמע! קום אריין! (פייגע קומט אריין, ווישט די אויגען מיט'ן פארטוך.) מאמע, דו האסט געהערט, וואס איך האב געזאגט דעם טאטען?

### פייגע.

כ'האב געהערט.

### פרידא.

כ'וועל אייך דא ניט לאזען אין בייסמענט! כ'וועל ניט געהן אהיים! כ'וועל דא נעכטיגען און אין דער פריה וועל איך דעם טאטען ניט לאזען ארויספיהרען די פושקארט, כ'וועל זיך אריינזעצען אינעווייניג, זאל ער שלעפען די פושקארט מיט מיר צוזאמען!

### סענדער.

(לאכט.)

וועל איך ווערען א יונגער באלעבעסיל מיט א בייבי־קערידזש.

### פייגע.

(צו פרידא'ן.)

דו קענסטאך, מיין טאכטער, דעם טאטען דיינעם. פאהר אהיים. זאל זיין גענוג פאר היינט.

### סענדער.

איך הייס דיר אויך פאלגען דער מאמען.



### פרידא.

(ענטשלאסען.)

איך האב שוין גענוג געפאלגט, און מעהר וויל איך ניט און קען ניט. איך וויים דאך, אז די מאמע איז ניט שולדיג, די מאמע וויל ניט מאטערען זיך דא אין בייסמענט. (צום טאטען.) דו ווילסט דאס אויך ניט און דו קענסט דאס ניט, אבער דיין עקשנות דערלאזט דיר ניט, דו ביזט א שטאלצער און אז איינ־געשפארטער... (ווייך). אבער איך בעט זיך דאך אזוי ביי דיר... (זי קומט צו צו איהם, נעהמט איהם ארום מיטביידע ארעמס, בעט זיך מיט טרעהרען.) איך בעט זיך אזוי ביי דיר... איך פאל דיר צו די פיס... איך האב דאך שוין אזוי פיעל געליטען... איך דארף אויף כפרות מיין רייכקייט מיט מיינע דיימאנדס, אז דו מאטערסט זיך ביי דיין פושקארט און איהר וואוינט אין אזא בייסמענט... איך בין שטאלץ מיט מיין שטאלצען טאטען... איך קען דאס אבער מעהר ניט אריבערטראגען... איך האב א גרויסע הויז מיט אזוי פיעל רומס, זאג מיר א ווארט, וועל איך ארויסגעהן און טעלעפעאנירען פאר א טעקסי אדער אן אויטאמאביל און איהר וועט ביידע פאהרען צו מיר אהיים.

### סענדער.

מיר פערמאגען, גאט צו דאנקען, אונזער אייגענעם אויטא־מאביל. (ווייזט אויפ'ן פושקארט.)

### פרידא.

אויף דער מאמען מעגסטו דאך שוין רחמנות האבען. זי שווייגט. דו ווייסטאך, אז זי וועט אין איהר גאנצען לעבען ניט זאגען דיר א ווארט אנטקעגען. דו ווייסט אבער אליין, ווי שלעכט איהר איז, ווי זי געהט דא אוים. (פייגע נעהמט געהן אין צווייטען צימער.) געה ניט, מאמע, זיי דא, כ'וויל דו זאלסט אלצדינג הערען. (פייגע בלייבט.) און אויף מ י י נ ע קינדער מעגסטו אויך א ביסעל רחמנות האבען... קיין עין הרע, גרויסע מיידלעך שוין... איך זאג זיי ניט אוים, זיי ווייסען ניט... זיי

וועלען זיך אבער דערוויסען, און אנדערע, פרעמדע, וועלען זיך אויך דערוויסען... ס'קומען אריין אין הויז יונגע לייט... וואו וועל איך זיך בעגראבען פאר בזיון!... די קינדער וועלען זיך שעהמען צו ווייזען די אויגען... דיין אייגען בלוט און פלייש...

### סענדער.

דיינע קינדער האבען זיך ניט וואס צו שעהמען מיט מיר; זיי מעגען קומען צו זייער זיידען. זיי וועלען ביי מיר זיין גוטע געסט. אי, וואס איך בין אן ארעמאן, זיינען זיי דאך ניט שולדיג.

### פרידא.

(שטעהט אויף ענטשלאסען.)

ווייס איך, אז מיין טאטע האט זיך פון מיר אבגעזאגט, כ'האב ניט קיין טאטען! מיין מאמען וועל איך דא אבער ניט איבערלאזען, זי זאל אויסגעהן מיט די כחות אויף די עלטערע יאהרען. קום, מאמע, דו מוזט געהן מיט מיר. קיין איין מינוט וועל איך דיר דא ניט לאזען מעהר זיין! נעהם, טהו עפעס אן אויף זיך און קום מיט מיר!

### פייגע.

וואס רעדסטו, טאכטער, כ'וועל איבערלאזען דעם טא־טען?!

### פרידא.

(אויפגערעגט.)

כ'האב ניט קיין טאטען! איהם ארט ניט פאר זיך און ניט פאר דיר און ניט פאר מיר און מיינע קינדער! קום, מאמע, אויב דו ווילסט, איך זאל נאך לעבען, אויב דו האסט רחמנות אויף מיינע קינדער! איך וועל ניט געהן פון דאנען אהן דיר!

### פייגע.

(וויינט.)

איבער פערציג יאהר ניט גענעכטיגט קיין איין נאכט בע־



זונדער... ווער וועט אכטונג געבען אויף איהם, דערלאנגען איהם א לעפעל ווארימע וואסער... סענדער... ווי קענסטו אזוי זיצען? גאנצע נעכט הוסטו אב פון די נאסע ווענט, קענסט ניט דערכאפען דעם אטעם...

### פרידא.

מאמע, כ'וועל זיך מעהר ביי איהם ניט בעטען. כ'וויים, אז ס'וועט ניט העלפען... וואו איז דיין שאל, די פאטשיילע? דארפסט פון דאנען קיין זאך ניט נעהמען. דיין פאטשיילע וואו'ז? (זי זוכט מיט די אויגען, דערזעהט.) נא, נעהם ארויף אויף די פלייצעס. (די אלטע שטעהט פארגליווערט. פרידא שפרייט ארויף די פאטשיילע אויף איהר מאמע'ס פלייצעס, נעהמט אן איהר ארעם.) קום, מאמע!

### פייגע.

(רעדט שוואך.)

אריבער פערציג יאהר... סענדער...

### פרידא.

(עפענט איהר האנד־בייטעל, נעהמט ארויס א קארטעל, לעגט אוועק אויפ'ן טיש.)

דאס איז אונזער אדרעס, טאמער וועסטו אמאל וועלען וויסען וואס די מאמע מאכט... די קאר געהט פון דעלענסי סטריט בריק... קום, מאמע! (זי שטופט צערטליך צו דער מאמען צו די טרעפ. העלפט איהר ארויפגעהן. זיי געהען ביידע ארויס. דער אלטער בלייבט אליין. עס איז א שטומע, אבער א העכסט דראַ־מאטישע סצענע. ער זיצט א פאר מינוט ביים טיש מיט'ן קאפ אנגעשפארט אויף ביידע הענד. אריבער פערציג יאהר האט ער אב־געלעבט מיט זיין אלטער, און עס איז קיין איינציגען מאל ניט אויסגעקומען, אז זיי זאלען ביידע ניט נעכטיגען אונטער איין דאך, און קיין איינציגער מאל האט ניט פאסירט, זיי זאלען זיך אויף אן אמת צוקריעגען, ווי דאס קומט פאר צווישען מאן און

ווייב. און דאָ האָט מיט אַמאָל פּאַסירט אַזאַ זאַך... ער איז ניט אין כעס אויף זיין ווייב. פערקעהרט, איהר טהאַט, איהר אַוועקגעהן מיט דער טאָכטער און איהם איבערלאָזען אַליין, האָט אין אַלטען דערוועקט אַ שטאַרקע רחמנות צו איהר: ער האָט זיך פאָרגעשטעלט, ווי איהר איז נעבעך אויפ'ן הארצען, ווי שרעקליך זי ליידט אין דער מינוט, און ווי שלעכט עס איז געווען דער לעבען איהרער אין אַזאַ אָרימקייט, אין בייסמענט... ער שטעלט זיך אויף, פערלעגט די הענד אויפ'ן רוקען, נעהמט אַרומגעהן הין און צוריק... ער בלייבט שטעהן, דעם קאָפּ אַראָבגעלאָזט, גלעט די באָרד, נעהמט אָן די שפּיצען פון באָרד און בעטראַכט עס זעהר אויפמערקזאַם... עס ווערט ביי איהם געבאָרען א געדאַנק, אַז ער וועט זיין ווייב ניט לאָזען בלייבען אַוועק היינטיגע נאַכט... זי מוז קומען צוריק... זי וועט דאָס אפשר ניט איבערלעבען... ער וועט פאָהרען איהר ברענגען צו־ריק... און אויב די טאָכטער וועט דער מאַמען ניט אָבלאָזען... וועט ער זעהן וואָס ער האָט צו טהאָן... וועט ער היינטיגע נאַכט איבער־נעכטיגען ביי זיין טאָכטער, און מאָרגען פריה וועט ער שוין זעהן... ער נעהמט זיין ראָק אין האַנד, נעהמט די קאַרטעל פון טיש. די סצענע האַלט אָן אונגעפעהר פיער־פינף מינוטען. ר' זלמן קומט אַריין.)

ר' זלמן.

אין פּארק ז'א מחיה. איהר זיינט גאַר אַליין? לאָזען די לויפערס מיט אַן אויג ניט צו טהאַן. מ'קלאַפּט, מ'שרייט, אויפ'ן קאָפּ קריכען זיי אַרויף.

סענדער.

(ווייזט איהם די קאַרטעל.)

איהר קענט לייענען? וואָס שטעהט דאָ אויפ'ן קאַרטעל?

ר' זלמן.

(בעקוקט די קאַרטעל.)

פון וואַנען זאָל איך קענען? ס'איז מסתמא אַן אדרעס.



סענדער.

ס'איז מיין טאָכטער'ס אדרעס אין ברוקלין. ווי קען מען אויסגעפינען צו קומען אַהין?

ר' זלמן.

(פערשטעהט, אַז דאָ האָט עפּעס וויכטיגעס פּאַסירט, רעדט פאָרשענדיג.)

אייער טאָכטער איז דאָך פריהער געווען דאַ... וואו'ז די אַלטע אייערע?

סענדער.

כ'האָב מורא, ר' זלמן, איהר וועט דאָ היינט אפשר מוזען נעכטיגען אַליין. גיט אַכטונג צו פערשפּאַרען גוט די טיהר.

ר' זלמן.

איהר געהט ערגעץ אַוועק? איהר'ט ניט קומען נעכטיגען און אייער אַלטע אויך ניט?... אודאי וועגען אייער טאָכטער... כ'בין דאָך אַ פרעמדער, האָט קיין פּאַראיבעל ניט, זאָג איך גלאַט אַזוי... אַז גאָט וואָלט מיר געגעבען אַזאַ טאָכטער מיט אַזאַ איידעם... אַז מיינע אַלע קינדער וואָלטען זיך געקענט צוזאַ־מענלייגען פאַר מיר כאָטש פיער טאָלער אַ וואָך...

סענדער.

אַי, אַי, ר' זלמן... כ'קען ניט ריידען... (ער שטעקט אַריין די קאַרטעל צווישען די צייהנער, טהוט אָן דעם ראָק, טהוט אויס די יאַרמולקע און טהוט אָן די היטעל.) כ'דאַרף געהן צו דעלענסי סטריט בריק... כ'וועל זיך דאָרט נאָכפרעגען. פערגעסט ניט גוט צושפּאַרען די טיהר. אַ גוטע נאַכט. (ער נעהמט געהן אויף די טרעפּ. די טיהר עפענט זיך. פייגע קומט אַרונטער. פרידאַ נאָך איהר. פייגע זעצט זיך אַוועק, אָטהעמט שווער, ווישט די אויגען.)

פרידא.

טאַטע, דו האַלסט די קאַרטעל אין האַנד. וואוהין האָסטו

געוואלט געהן? דו ביזט געגאנגען צו מיר, צו דער מאמע׳ן!... איך ווייס, דו קענסט ניט איבערנעכטיגען א נאכט אהן דער מאמען און די מאמע אהן דיר אויך ניט... זי האט ניט געקענט ארויפגעהן אויפ׳ן קאר... זי איז געקומען צוריק צו דיר! טאטע, ווי קענסטו זיין אזוי? די מאמע וועט דא לאנג ניט לעבען! (זי נעהמט די מאמען מיט איין האנד און דעם טאטען מיט דער צווייטער.) איך וועל אייך ביידע ניט אבלאזען, איהר מוזט געהן מיט מיר! (זי וויינט. דער אלטער איז שטארק גערירהרט פון זיין ווייב׳ס האנדלונג... און אויך איז דערווייל זיין הארץ געווארען ווייכער פאר זיין טאכטער... פויזע.) מיר זיינען אלע אין דיינע הענד: די מאמע און איך און מיינע קינדער... א יאהר איז גענוג...

## סענדער.

זעץ זיך אוועק, מיין טאכטער, א ווײלע; רוה זיך אב, ביזט אזוי פערמאטערט.

## פרידא.

כ׳וועל זיך ניט זעצען. זאג מיר, טאטע, רייד, דו קימערסט זיך ניט פאר קיינעם פון אונז און פאר דיר אליין אויך ניט?

## סענדער.

זעץ זיך, מיין קינד, וועל איך מיט דיר ריידען. לאמיר זיך זעצען. (ער זעצט זיך.) זעהסטאך, מיין טאכטער, איך בין א גזלן, אן אמת׳ער גזלן; האסט א טאטען א גזלן. דיין מאמע האט אבגעלעבט איבער פערציג יאהר אונטער איין דאך מיט א גזלן. אט איז זי, זי וועט דיר אליין דערצעהלען. קום אהער, מיין טאכטער, זעץ זיך לעבען מיר. (פרידא זעצט זיך. ער גלעט איהרע באקען.) און דו ביזט נאך א גרעסערע גזלנ׳טע פון דיין טאטען. דו ביזט מיר בייגעקומען, דו האסט ביי מיר אויסגעפיהרט.

## פרידא.

(מיט אן אויסגעשריי פון שמחה.)



מאמע, דו הערסט?! (פרידא שפרינגט אויף.) קומט! וואס זיצט איה״ נאך? (די אלטע שטעלט זיך אויף.)

## סענדער.

(צו זיין ווייב.)

זעץ זיך נאר אוועק א ווײלע. (צו פרידא׳ן, ווייך און צערטליך.) ווארט אויס. אויסגעפיהרט האסטו דאך שוין, טו זעץ זיך, רוה זיך אב א ווײלע און געה אהיים. מארגען, אם־ירצה־השם, וועסטו קומען אהער, וועלען מיר זיך דורכריידען וועגען די איבעריגע זאכען.

## פרידא.

(מיט א געמאכטער שטרענגקייט.)

ניין, טאטע, דאס וועט ביי מיר ניט געהן. האסטאך איצט אליין געזאגט, אז איך בין א גרעסערע גזלנ׳טע פון דיר. איך בין דיין טאכטער, געראטען אין טאטען. איך בין אויך אן עקשנ׳טע און אן איינגעשפארטע און א גזלנ׳טע. אז איך האב געזאגט היינט, מוז זיין היינט. דו וועסט ביי מיר ניט אויס־פיהרען.

## סענדער.

(מיט ווייכען שפאט.)

כ׳האב גארניט געוואוסט, אז דו ביזט אזא.

## פרידא.

ריכטיג געראטען אין דיר.

## סענדער.

נו, גוט, מארגען וועסטו דא קומען; איך וועל זיך דערווייל דורכריידען מיט דער מאמען.

## פרידא.

איהר וועט דאך וואוינען מיט אונז, הא?

סענדער.

איך וויל ניט, דו זאלסט דאס פערלאנגען פון מיר.

פרידא.

ווענען דעם וועל איך ניט זיין איינגעשפארט. ווי דו ווילסט. איהר ווילט זיך וואוינען בעזונדער אין רומס, בין איך אויך צופריעדען.

סענדער.

אודאי וויל איך אזוי בעסער.

פרידא.

גוט, דארפסט מעהר ניט ריידען וועגען דעם. איך וועל אייך קיין זאך ניט לאזען מיטנעהמען פון בייסמענט. איהר וועט אלצדינג פערקויפען אדער אוועקשענקען. מיר וועלען קויפען נייע זאכען.

פייגע.

די בעטגעוואנט!

פרידא.

וועסטו מיטנעהמען.

פייגע.

די טישטיכער מיט די האנטיכער!

פרידא.

גוט.

פייגע.

דער קופערנעם טשייניק!

פרידא.

(שמייכעלט.)

גוט.



פייגע.

די שטויסעל מיט די מיעדניצע!

פרידא.

(לאכט.)

אויך גוט.

פייגע.

די צינענע טעלער מיט די לעפעל מיט די סקאווארדע!

פרידא.

מיר וועלען אלצדינג איבערקוקען. וואס דו וועסט וועלען, וועסטו מיטנעהמען. אבער וואס וועט דא זיין מיט אייך היינ־טיגע נאכט?

סענדער.

וואס קען מען שוין היינט טהאן? געה דו אהיים און מיר וועלען בלייבען דא.

פרידא.

דאס וועט ניט געהן. אה, נאו, ניט ביי מיר, ניט ביי מיין טאטענס טאכטער.

סענדער.

(גוטמוטהיג.)

ערגער פון דיין טאטען דארפסטו ניט זיין. לאז אונז היינט אב. אלץ האסטו שוין אויסגעפיהרט... כ'קען ניט געהן היינט. צו שפעט. וואס מיינסטו, מיר זיינען דו? עלטערע מענשען...

פרידא.

איך זעה, טאטע, דו ווילסט שוין ווידער עפעס אויספיה־רען ביי מיר — וועל איך דערפאר מוזען עפעס אויספיהרען ביי דיר אויך. איך וועל אייך דא לאזען איבערנעכטיגען מיט איין בעדינגונג.

סענדער.

וואס האסטו זיך שוין ווידער אויסגעטראכט?

פרידא.

איך וויל ניט, איהר זאלט נעכטיגען מיט די פושקארט אונטער איין דאך.

סענדער.

(שמייכעלט.)

אזא מרשעת! וואס זאל איך היינט טהאן מיט דער פושקארט?

פרידא.

ארויסווארפען דרויסען!

סענדער.

געוואלד, וואס טהוט זיך מיט איהר? ס'קאסט מיר אב אן אוצר מיט געלד! האסט שוין געזעהן א סך פושקארטס מיט סחורה זיך וואלגערען דרויסען? מארגען, אם־ירצה־השם, וועל איך פערקויפען די פושקארט מיט די סחורה.

פרידא.

ניין, היינט! די פושקארט וועט דא ניט נעכטיגען.

סענדער.

וואו קען איך איצט, א שטיק אין דער נאכט, קריגען א קאסטאמער אויף א פושקארט מיט סחורה?

פרידא.

(שטעלט זיך אויף.)

איך וועל שוין קריגען.ווארט נור אויף א ווײלע, העסטער סטריט איז ניט ווייט פון דאנען. (זי לויפט ארויף די טרעפ און פערשווינדט.)



ר' זלמן.

(וועלכער האט זיך די גאנצע צייט אומעטיג צוגעקוקט צו דער סצענע.)

א כוואטסקע טאכטער אייערע, קיין עין הרע; אז גאט וואלט מיר געגעבען אזא טאכטער... וואס איז דא געוועזן, אז איך בין ארויסגעגאנגען?

פייגע.

כ'האב מורא, ר' זלמן, איהר וועט דא איבערבלייבען אליין אין די רומס.

ר' זלמן.

איהר'ט טאקע אוועקמופען?

פייגע.

איהר'ט זיך דאך מסתמא צוגעהערט. מיין טאכטער נעהמט פאר אונז אנדערע רומס.

ר' זלמן.

(מיט קנאה.)

שעהנע, גוטע רומס מסתמא... און אייך וועט שוין אזוי אויך ניט פעהלען... אז מיינע אלע קינדער וואלטען זיך געקענט צוזאמענלעגען פאר מיר כאטש פיער טאלער א וואך...

פייגע.

(מיט עטוואס שמאלץ.)

קיין שלעכטע רומס וועט מיין טאכטער פאר אונז ניט נעהמען.

ר' זלמן.

אז גאט גיט לייטישע קינדער... אויף די עלטערע יאהרען... מ'מוז לעבען אליין און הארעווען... ארומשלעפען זיך מיט'ן מאשינדעל... ס'פינפטע מאל פון חנוכה אן... כאטש פיער טאלער א וואך...

### סענדער.

(עטוואָס שפּאָטיש.)

איצט, מיין ווייב, וועסטו ווערען א רייכע באַלעבאַסטע אין אמת'ע רומס, מיר'ן לעבען פון פּאַרטיגען... ווער וועט זיך קע־נען צו אונז גלייכען? אמת'ע שררות...

### פייגע.

(ווי זיך פערענטפערענדיג.)

האָסט אַ סך כח פאַר'ן פּושקאַרט און אַבהוסטען גאַנצע נעכט פון די נאַסע ווענט?... אַז כ'בין צוגעקומען צום קאַר, האָב איך געמיינט, איך חלש אַוועק...

### סענדער.

כ'האָב ניט צו דיר, מיין ווייב... האָב איך דיר דען געזאָגט אַ וואָרט, זאָלסט ניט געהן? בעשערט אונז מסתמא צו לעבען אויף דער עלטער פון גרייטען... (פרידא קומט אַריין. נאָך איהר קומט אַ איד פון העסטער סטריט. פרידאַ שטופּט אַרויף די פּוש־קאַרט אויפ'ן מיטען צימער.)

### פרידא.

(צום אידען.)

קויפט דאָס אָב.

### דער איד.

וואָס?

### פרידא.

די פּושקאַרט מיט די סחורה.

### דער איד.

וואָס דאַרף איך נאָך אַ פּושקאַרט? כ'האָב אַן אייגענע פּושקאַרט?

### פרידא.

וואָס גיט איהר פאַר אַלצדינג צוזאַמען?



### דער איד.

אַז די פּושקאַרט דאַרף איך ניט.

### פרידא.

איך דאַרף אויך ניט די פּושקאַרט.

### דער איד.

די סחורה וועל איך אַבקויפען, אַז איהר'ט מיר אָוועקגעבען אין גלייכען געלד. די „פינענעס" זעהט אויס אַ ביסעל צוגע־לעגען. (ער בעטאַפּט, קוקט איבער.)

### פרידא.

וויפיעל גיט איהר פאַר די סחורה?

### דער איד.

(בעקוקט, בעטאַפּט פאָרזיכטיג.)

וואָס האָט איהר מורא צו זאָגען, וויפיעל איהר ווילט?

### פרידא.

זאָגט, וויפיעל איהר גיט, כ'האָב קיין צייט ניט, ס'ווערט שפּעט.

### דער איד.

פאַר מיר איז דאָס מעהר ניט ווערטה ווי — — — (ער זאָגט ניט אַרויס, ישוב'ט זיך.) כ'קען אייך געבען אַנדערהאַלבען טאַ־לער... די „פינענעס" אַ ביסעל צוגעלעגען.

### פרידא.

אַנדערהאַלבען טאַלער פאַר די סחורה, וויפיעל גיט איהר צוזאַמען מיט'ן פּושקאַרט?

### דער איד.

אַ פּושקאַרט האָב איך אַן אייגענע. וויפיעל פּושקאַרטס דאַרף איך?

### פרידא.

פון וואנען זאל איך וויסען וויפיעל איהר דארפט? גיט אהער דריי טאלער פאר די סחורה מיט'ן פושקארט.

### דער איד.

(שטעלט אוים אויף פרידא'ן די אויגען, בעטראכט די אי־בעריגע מענשען, ס'גלויבט זיך איהם נים, אז ער האט ריכטיג געהערט.)

וויפיעל'ט איהר געזאגט?

### פרידא.

איהר דארפט זיך ניט שרעקען, ס'איז ניט קיין גע'גנב'עטע. מיר זיינען דא אלע עהרליכע מענשען. איך מאך א „סייל“. מיר געהען ארוים פון די ביזנעס. גיט אהער א דרייערעל! (דער איד נעהמט ארוים א לאנגע לייווענטענע בייטעל פון בוזעם־קעשענע, נעהמט ארוים געלד, צעהלט אב דריי דאלאר, דערלאנגט פרידא'ן, כאפט די פושקארט און לויפט צום טיהר. פרידא לאכט.) איהר דארפט ניט לויפען אזוי, א סייל איז א סייל, כ'וועל קיין חרטה ניט האבען; אויב איהר ווילט, קען איך זיך מיט אייך אבשרייבען.

### דער איד.

(א צוטומעלטער.)

ווער לויפט? כ'אייל זיך גארניט, מעהר ניט ס'ווערט שפעטלער א ביסעל. (ער מאטערט זיך ארויפשטופען די פושקארט אויף די טרעפ.)

### סענדער.

(שטעלט זיך אויף.)

ווארט אוים, כ'וועל אייך העלפען.

### דער איד.

אז איהר ווילט זיך מטריח זיין.



### פרידא.

(נעהמט דעם טאטען פאר די פלייצעס און זעצט איהם אוועק.)

ניין, ניט דו, טאטע. דו וועסט זיך מעהר ניט צוריהרען, און איך וויל אליין פערדיענען די מצוה פטור צו ווערען פון דער פושקארט. (זי העלפט דעם אידען ארויפשלעפען די פושקארט אויף די טרעפ. דער איד פערשווינדט מיט'ן פושקארט.)

### סענדער.

(צו פרידא'ן.)

ביזט א טהייערע ביזנעס־ליידי; מ'קען געהן אין גאלד פון אזעלכע ביזנעס.

### פרידא.

(דערלאנגט איהם די דריי דאלאר.)

אבער דריי דאלאר האב איך פערדיענט אין א מינוט?

### סענדער.

יא, ריינער פראפיט. ביי מיר נעהמט א האלבע וואך ביז איך פארדיען אזוי פיעל.

### פרידא.

איצט וועל איך געהן. כ'וועל דא זיין מארגען בייטאג, ווע־לען מירביידע, מאמע, ארויסגעהן זוכען רומס. אפשר זאלען מיר נעהמען די רומס לעבען מיר, אין ברוקלין. וואס זאגסטו, טאטע?

### סענדער.

ניין, איך וויל דא, אין דעם געגענד.

### פרידא.

וועסט געהן מיט מיר, מאמע? זאל איך אפשר אליין געהן? וואס דארפסטו קריכען אויף די טרעפ?

### פייגע.

כ'וועל מיטגעהן מיט דיר, קום דא צוגעהן.

### פרידא.

וואס איז היינט? היינט איז מאנטאג — מארגען נעהמען מיר די רומס, די פארניטשור מיט די איבעריגע זאכען קויף איך אויך מארגען, וועט נאך מסתמא נעהמען א פאר טעג, וועט אויסקומען צו מופען דאנערשטאג. א גוטע נאכט, זייט געזונד. (זי קושט דער מאמען, דערנאך דעם טאטען.)

### ר׳ זלמן.

(ווי צו זיך.)

וואס וועט זיין מיט מיר... כ׳האב בעצאהלט ביז׳ן ערשטען, כ׳האב נאך קנאפע דריי וואכען דא צו זיין, דער מופען האט געקאסט... פון חנוכה אז ס׳פינפטע מאל...

### פרידא.

(א ביסעל שפאסיג.)

דאס איז א שלעכטע מעשה. (צו ר׳ זלמנ׳ען.) מופט ניט אוועק פון דאנען, מיר וועלען אייך דא איבערלאזען אן אויסגעפארנישטען פלעט, נעהמט אייך א ווייב און בלייבט דא זיצען.

### סענדער.

(ערנסט.)

דארפסט ניט אבלאכען, מיין טאכטער.

### פרידא.

(עטוואס אין פערלעגענהייט.)

טאטע, איך לאך ניט. איהר וועט קיין זאך ניט מיטנעהמען פון דאנען.

### סענדער.

קענסט געהן, מיין טאכטער, מיר וועלען שוין דא דורכקומען צווישען זיך אהן דיינע עצות.



### פרידא.

גוד נייט, מארגען בייטאג, מאמע, א זייגער צוויי. (זי געהט אוועק.)

### סענדער.

(צו זלמנ׳ען.)

איהר וועט גארניט דארפען ליידען. אייך האט געקאסט דער אריינמופען און איצט ווידער. איהר׳ט זאגען וויפיעל אייך קומט.

### ר׳ זלמן.

כ׳האב קיין מורא ניט... אייער טאכטער האט דא געזאגט, כ׳זאל נעהמען א ווייב... מיט וואס?... מיט די פינף טאלער א וואך פערדיענסטען מיינע?... כ׳רייד שוין ניט פון דעם... א שטיקעל אייגען ווינקעלע, דעם קאפ אנצושפארען...

### סענדער.

(צו זיין ווייב.)

אריבער פערציג יאהר אונטער איין דאך. (ווייך, צערטליך.) האסט ניט געקענט ארויפגעהן אויפ׳ן קאר, הא? ניט געקענט?...

### פייגע.

כ׳האב געמיינט, איך לאז זיך אראב... כ׳האב געהאלטען ביים פאלען אין חלשות.

### ר׳ זלמן.

(עלענד און דערשלאגען.)

פיער טאלער א וואך... מיינע אלע קינדער וואלטען זיך געקענט צוזאמענלייגען פאר מיר פיער טאלער א וואך...

(פארהאנג.)

# אַ שטרענגע באַלעבאָסטע

## פּערזאָנען:

דער באַלעבעסיל, 25 יאָהר אַלט — אַ פּעטינקער, נידריגער בלאָנדער מענשעל, מיט אַ ניש'קשה'־דיגען אָנפאַנג פון אַ פּליך.
די ווייבעלע, 22 — אין איין הויך מיט איהר מאַן, נור אַ דינע ברונעטקע.
דער זינגער־אַגענט, אַ הויכער איד מיט גרויע וואָנסעס.
דער טרעגער, אַן אײרישמאַן.

עס קומט פאָר אין אַ האַרלעמער דירה: אַ קיך, בעד־רום און פראָנט־רום. עס איז די ערשטע וואָך פון זייער חתונה. די יונגע ווייבעל שטעהט ביים געז־אויוועלע מיט'ן קאָך־לעפעל אין האַנד, שעפּט זופּ פון טאָפּ און גיסט אין די צוויי טעלער אויפ'ן טיש. אַלצדינג אין הויז איז ניי, ציכטיג און אויפ'ן פּלאַץ. דער באַלע־בעסיל קומט אַריין, אָהן אַ ראָק און אַ העט, ברענגט מיט זיך אַ פּיינט ביער אין אַ נייעם, שפּיגעלדיגען „בלעך“, שטעלט עס אויפ'ן טיש.

### די ווייבעלע.

(שרייט אויס.)

שוין ווידער! שטעל ניט! ס'בלעך מוז זיין נאַס. וועסט פערנעצען ס'טייבעל־קלאָטה!

דער באַלעבעסיל.

(טהוט האַסטיג אַ הויב ס'בלעך.)

כ'האָב גאָר פערגעסען. וואו זאָל איך אַוועקשטעלען? (ער שטעלט אויפ'ן „וואַש־טאָב“.)

די ווייבעלע.

שטעל ניט! וועסט מיר נאָס מאַכען ס'אויל־קלאָטה!

דער באַלעבעסיל.

(כאַפּט אַוועק ס'בלעך פון וואַש־טאָב.)

וואו זאָל איך שטעלען?

די ווייבעלע.

וויש גוט ארום ס'בלעך. (ער נעהמט דעם האַנדטוך און וויל ווישען.) ניט מיט'ן „טאָל“! אוי, ביזטו אַ באַלעבאָס אין אַ הויז! ווען וועסטו שוין פאַרט ווערען אַ שטיקעל מענש?!

דער באַלעבעסיל.

(בעט זיך מיט אַ שמייכעל.)

עס זיך ניט ס'הערצעלע. וועסט שוין מסתמא מאַכען פון מיר אַ מאָל אַ לייט. טייק יור טיים. (ער נעהמט אַרוים זיין טאַשענטוך פון דער הינטערשטער הויזען־קעשענע און וויל ווישען).

די ווייבעלע.

(מיט אַ קווימש.)

מיט די „הענקעצע“!! ביי וואָס'ער „מיסעס“ דיינע האָסטו דאָס געזעהן?

דער באַלעבעסיל.

(בלייבט מיט'ן טאַשענטוך אין האַנד.)

מיט וואָ'דען זאָל איך ווישען?

די ווייבעלע.

נעהם אַ שמאַטקע. (זי קוקט זיך אַרום, זוכט מיט די אויגען.)



וואַרט! (זי נעהמט אַ טעלער פון כלים־אַלמער, שטעלט אַוועק אויפ'ן טיש.) זעהסט, מ'דאַרף נאָר האָבען אַביסעל שכל.

דער באַלעבעסיל.

(שמייכעלט אַלץ.)

ווער קען דאָס זיין אַזוי קלוג ווי דו?

די ווייבעלע.

די סינגעל־לייט זיינען אַסור ניט ווערטה וואָס זיי געהען אויף דער וועלט. ס'איז דאָך דיין הויז, דיין אייגענע הויז, דיינע אייגענע זאַכען, דאַרפסטו דאָך דאָס אַבהיטען, ווי אַ מענש, ניט אַנכליאַפּען וואו מ'שטעהט און וואו מ'געהט.

דער באַלעבעסיל.

כ'האָב דיר דאָך צוגעזאָגט, אַז מעהר ניט—קענסט מיר דאָך גלויבען.

די ווייבעלע.

כ'קען דיר טאַקע אַ סך גלויבען אין די זאַכען!

דער באַלעבעסיל.

ווייסטאָך, אַז איך האַלט וואָרט.

די ווייבעלע.

כ'דאַרף זיך ביי דיר בעטען? (מיט געמאַכטען כעס.) נעה, כ'האָב דיך פיינט! (ער ווייס, אַז זי שפּאַסט מיט די לעצטע ווערטער, נעהמט ער זיך דאָס ניט צום האַרצען. זיי זעצטען זיך עסען. דער באַלעבעסעל איז הונגעריג, עסט ער שנעל.) אוי, כ'קען ניט זעהן ווי דו כאַפּסט. וואָס האָסטו צו כאַפּען? דער הערינג וועט פון דיר ניט אַנטלויפען, און ביי אַ „מיסעס“ זיצטו איצט אויך ניט, קיינער וועט פון דיר ניט אַוועקנעהמען.

דער באַלעבעסיל.

(מיט אַ פולען מויל.)

וואו זעהסטו מיר כאַפּענדיג? כ'וויל עסען.

די ווייבעלע.

אז מ׳עסט ניט אזוי גיך, האט מען מעהר הנאה און ס׳גנעהט בעסער אין קרעפטען. אוועקגעהן דארפסטו דאך אויך ניט נאך סאפער, קענסטו דאך עסען ווי א מענש.

דער באלעבעסיל.

(קייענדיג אויף ביידע באקען.)

כ׳האב פון דינער אן ניט געגעסען, וויל איך עסען.

די ווייבעלע.

עס, ווער לאזט דיר ניט? כ׳וויל, דו זאלסט וויסען, אז דו ביזט ביי זיך אין דער איינענער הויז.

דער באלעבעסיל.

געוויס. וואו דען בין איך? עס שוין דו אויך אמאל. עס ווערט קאלט.

די ווייבעלע.

כ׳וועל נאך גענוג האבען פון דיר, ביז דו׳סט ווערען א מענש און וויסען, אז דו ביזט ביי זיך אין דער היים און דו דארפסט אלצדינג אבהיטען. ער קומט אריין מיט א פיינט ביער, שטעלט ער דאס אויפ׳ן קלארינקען טישטוך, ווי דאס וואלט גאר ניט געוועזען זיינס!

דער באלעבעסיל.

נעקסטען מאל וועל איך שוין ניט שטעלען. נעהם עס. אז דו עסט ניט, קען איך אויך ניט עסען.

די ווייבעלע.

אז מ׳וואלגערט זיך אב ביי מיסעסען, ווייס מען דערנאך ניט ווי צו האלטען, אז מ׳האט אן אייגענע הויז.

דער באלעבעסיל.

עס שוין אמאל! דער סאפער איז געשמאק א מאכל,



ווילסטו כ׳זאל קיין הנאה ניט האבען און דו אויך ניט? מעהר וועט דאס שוין ניט זיין. אז דו ווילסט, וועל איך דיר שווערען.

די ווייבעלע.

וועל איך דיר אלץ ניט גלויבען!

דער באלעבעסיל.

(בעט זיך.)

סטאפ שוין, הער אויף. (ער גלעט איהר באק, טהוט א קוש איהר האנד.) נעהם עס.

די ווייבעלע.

(שוין איבערגעבעטען.)

אלרייט, דעם מאל וועל איך דיר עקסקיוזען, נעקסטען מאל וועסטו זעהן וואס ס׳וועט זיין. (זי נעהמט עסען. ס׳קלינגט. דער באלעבעסיל הויבט זיך אויף, דריקט ס׳קנעפעל, עפענט די טיהר און בלייבט ווארטען. ס׳קומט אריין דער זינגער־אגענט.)

דער אגענט.

גוד־איווונינג. מ׳טראגט ארויף די מאשין. (ער האלט זיך ביים ברוסט, אטהעמט שווער פון קריכען אויף טרעפ.) שווער צו קריכען אויף טרעפ. יונגע מענשען איז גוט, ביי זיי איז דאס גארניט. פרעגט, אויף וויפיעל פלארס בין איך שוין היינט גע־קראכען. (אין דער אפענער טיהר בעוויזט זיך א נעה־מאשין אויף א טרעגער. דער אגענט טרעט אב אן א זייט. דער טרעגער לאזט אראב די מאשין אויפ׳ן פלאר, נעהמט ארויס א פאפיערעל פון היטעל, דערלאנגט דעם באלעבעסעל אונטערצושרייבען. דער לעצטער שרייבט אונטער, דערלאנגט צוריק דעם טרעגער. דער טרעגער דערזעהט דעם בלעך אויפ׳ן טיש און בלייבט שטעהן. קוקט זשעדנע אויפ׳ן ביער.) „נאשענט“ איהם א גלאז „פיווע“, ס׳א רחמנות. אין אזא היץ געשלעפט אויף די טרעפ. (דער באלעבעסעל גיסט אן א גלאז ביער און דערלאנגט דעם טרעגער, וועלכער טרינקט עס אויס מיט איין ציה און לעקט ארום די ליפען.)

דער טרעגער.

טהענק יו. גוד נאַיט. (ער געהט אַרויס.)

דער אַגענט.

איהר וועט מיר מוזען עקסקיוזען, ס'איז ביי מיר אזאַ נאַטור פון אייביג אָן, אַז כ'זעה הערינג, קען איך ניט אויסהאַלטען און מוז פערזוכען אַ שטיקעל, כאָטש אַ לעק טהאָן. איהר האָט נאָך אַ גאָפּעל ערגעץ? (ער זוכט מיט די אויגען.) מיינע קאָס־טאָמער, וואו כ'קום, קענען מיר שוין. (די ווייבעלע דערלאַנגט איהם אַ גאָפּעל. ער שטעכט אַרויף אַ שטיקעל הערינג און עסט מיט גרויס אַפּעטיט.)

דער באַלעבעסיל.

נעהמט אַ שטיקעל ברויט.

דער אַגענט.

ניין, אַ דאַנק. באַלד וועל איך עסען סאַפּער. אַז איך דער־זעה הערינג, קען איך ניט אויסהאַלטען. (ער ווישט אַרום די וואָנ־סעס.) וועלל, גוט־נאַיט. ניצט די מאַשין געזונטערהייט. קאָ־לעקטען וועל איך קומען פון היינט אַ וואָך, סיידען איהר ווילט מיר פערשפּאָרען אַ גאַנג. (ער וויל געהן.)

די ווייבעלע.

(שפּרינגט אויף.)

וואַרט אַ מינוט! (צום באַלעבעסעל.) וואו וועלען מיר שטעלען די מאַשין?

דער באַלעבעסיל.

זאָל זי בלייבען שטעהן אין קיטשען.

די ווייבעלע.

אין קיטשען? וואו'סטו געזעהן אַ מאַשין זאָל שטעהן אין אַ קיטשען? ביי אַ מיסעס דיינע? זעהסטאָך, אַז מ'קען אפילו ניט צומאַכען די טיהר!



דער אַגענט.

לאָזט מיר, וועל איך שוין געפינען אַן אָרט. כ'האָב שוין אַוועקגעשטעלט גענוג מאַשינען. האָב איך די טויזענדער, כאָטש די הונדערטער. (ער קוקט זיך אַרום, טחוט אַ רוק דעם טיש.) אָט האָט איהר אַ גוטען פּליים פאַר'ן מאַשין. נאָר ניט געזאָרגט זיך.

די ווייבעלע.

(מיט שפּאָט.)

ווי די קיטשען וועט מיר אויסזעהן! און ווי וועל איך צו־קומען צום אייווען?

דער אַגענט.

איהר זייט גערעכט. אַזוי טויג טאַקע ניט. וועלען מיר געבען אַ ביסעלע אַ רוק דעם טיש אויף יענער זייט. (ער וויל זיך נעהמען צו דער אַרבייט.)

די ווייבעלע און דער באַלעבעסיל.

(אין איין קול.)

ווי וועלען מיר קענען אַריינגעהן אין בעד־רום?!!

דער אַגענט.

איז טאַקע ווידער ניט גוט. וועט איהר שוין מוזען האַל־טען די מאַשין אין בעד־רום.

די ווייבעלע.

אין בעד־רום?! וואו האָב איך אַ פּליים אין בעד־רום? כ'קען דאָך אפילו קיין טשער ניט אַוועקשטעלען! אַז כ'דאַרף עפענען אַ „דראָר" פון „דרעסער", מוז איך אַברוקען די בעט. מיר קענען ניט נעהמען די מאַשין.

דער אַגענט.

וועגען דעם האָט איהר ניט וואָס צו ריידען. אַזוי ביליג ווי ביי מיר וועט איהר ביי קיינעם ניט קריגען. וואָס איז מיר איבערגעבליבען פון מיין גאַנצען „ס'מיש'ן"?

די ווייבעלע.

אז כ'האב ניט וואו צו האלטען! מיר'ן מופען אפשר אין פיער רומס, וועל איך ביי אייך נעהמען די מאשין.

דער אגענט.

(קוקט זיך ארום.)

שא! איהר'ט אוועקשטעלען די מאשין אין פראנט־רום.

די ווייבעלע.

(מיט אן אויסגעשריי.)

אין פראנט־רום! דארט איז דאך מיין „לייבערי סעט“! אין פראנט־רום א נייה־מאשין!

דער אגענט.

(רוקט פונאנדער די „פארטיערס“ און קוקט אריין אין פראנט־רום.)

ס'פאראן פלענטי פליים!

די ווייבעלע.

(צום באלעבעסעל, וועלכער עסט דערווייילע.)

הערסט, איזי, אין פראנט־רום זאל איך אוועקשטעלען א נעה־מאשין! וואס וויל ער פון מיין לעבען?

דער אגענט.

ס'וועט גארניט שאטען. אין די שעהנסטע פלעטס שטעהט א ניי־מאשין אין פראנט־רום.

די ווייבעלע.

איך קוק ניט אויף די אנדערע „יאכנעס“ מיט די „קאיקס“! א מאדנער איד דאס איז! ווי קען איך „ספאילען“ מיין „לייבערי סעט“? (מיט צארן.) איך דארף ניט קיין מא־שינען! לאזט מיר צורוה!

דער אגענט.

פאר וואס זאלט איהר ניט וועלען צוהערען וואס אז על־



טערער פון אייך זאגט? זאלען מירביידע האבען די טויזענטער, אין וויפיעל פראנט־רומס ס'שטעהען מאשינען, וואס איך האב אליין מיט מיינע אייגענע הענד פערקויפט, וואלט איך פער־שפארט צו זיין אן איידזשענט און זיך אויסעסען די גאל מיט יעדערען בעזונדער. קומט איהר צוגעהן און מאכט א גוואלד, ווי מ'וואלט אייך דא געוואלט אבקוילען. אי, לאזט מיר צורוה!

די ווייבעלע.

(אונגעדולדיג און מיט כעס.)

כ'האב אייך געזאגט, אז איכ'ל ניט שטעלען קיין מאשינען ביי מיר אין פראנט־רום. (בעקוקט גוט די מאשין, מיט א ביטע־רען שמייכעל.) א שעהנער „מעטש“ וועט דאס טאקע זיין! מיין „לייבערי סעט“ איז „מאהאגאני“ און די מאשין איז „אוק“! וואס וויל ער האבען פון מיין לעבען מיט זיינע מא־שינען?

דער אגענט.

אז איהר ווילט ניט הערען, בין א י ך ניט שולדיג. איך שטעה א הונגעריגער און די פאמיליע מיינע ווארט אויף מיר מיט'ן סאפער. כ'בין אויך א מענש. גוד־נאיט! (ער וויל געהן.)

די ווייבעלע.

(שרייט אויס.)

נעהמט צו די מאשין!

דער אגענט.

שפעטער וועט אייך קאסטען מיט צעהן טאלער טהייערער.

די ווייבעלע.

כ'קעהר ניט, אז אפילו מיט הונדערט.

דער אגענט.

ווי וואלט געווען, אז איהר וואלט געקויפט ביי אן אנדער

אײדזשענט און איהר וואלט געמוזט געבען פינף טאלער דע־פאזיט און ס׳וואלט געווען פערפאלען די פינף טאלער?

די ווײבעלע.

כ׳קעהר ניט, אז אפילו צוואנציג! נעהמט צו די מא־שין פון מײן הויז, כ׳וועל אײך א סענט ניט צאהלען.

דער אגענט.

(דערשלאגען.)

אזא יאהר מיט אזא טאג אויף זינגער׳ן וואס׳ערע קאסטא־מער איך קריעג! א מענש רעדט זיך אב: „נעהמט צו די מאשין!“ איהר זעהט דאך, אז דער „דרײוווער“ איז שוין אוועק. וואו זאל איך לײגען די מאשין, אין פאקעט ארײננעה־מען? אזעלכע ביזנעס טהו איך!

די ווײבעלע.

כ׳קעהר ניט, כ׳וועל ארויסווארפען די מאשין דורכ׳ן ווינדע.

דער אגענט.

טהוט, וואס איהר ווילט! (ער געהט ארויס.)

די ווײבעלע.

(בלײבט שטעהן פערצווײפעלט, מיט פערבראכענע הענד.)

ער זיצט און עסט סאפער, ווי ער וואלט דא געווען א פרעמ־דער! וואס וועלען מיר איצט טהאן?

דער באלעבעסיל.

(מיט אנגעשטאפטע באקען.)

מ׳וועט מוזען זאגען אין אפיס, זײ זאלען קומען צונעהמען די מאשין. ס׳אויף בראדווײ לעבען דער נײנטער סטריט. כ׳גנעה פארבײ דעם אפיס אלע טאג.

די ווײבעלע.

אבער וואו וועלען מיר׳ס דערווײל האלטען?



דער באלעבעסיל.

ס׳וועט שטעהן איבער נאכט אין פראנט־רום.

די ווײבעלע.

(האלט בײם ווײנען.)

ביזט דען בעסער פון איהם?! וואס ווילען זײ פון מײן לעבען האבען? כ׳וועל צוהאקען די מאשין אין שטיקער!...

דער באלעבעסיל.

דערווײל דארף מען צומאכען די טיהר. (ער רוקט אביסעלע אוועק דעם טיש, שטופט ארײן די מאשין און פערמאכט די טיהר.) סילינקע, נעהם זיך ניט אזוי צום הארצען. עס פריהער אב סאפער, דערנאך וועלען מיר זעהן.

די ווײבעלע.

(מיט וועהטאג).

מיר ליעגט איצט ניט אין זינען קײן סאפער. דיר ארט א סך פאר די הויז... כ׳פרעג דיר, ווי קענסטו ארויסברענגען פון דײן מויל, כ׳זאל אוועקשטעלען די מאשין אין פראנט־רום? מײנסט מסתמא, אז דו וואוינסט נאך בײ א „מיסעס“.

דער באלעבעסיל.

עקסקיוז מי, כ׳האב דאס געלאכט; מעהר וועל איך דאס שוין ניט זאגען! מארגען, באלד אין דער פריה, וועל איך זײן אין אפיס און הײסען צונעהמען די מאשין. זאל זי הײנט אי־בערנעכטיגען אין פראנט־רום. וואס ארט דיר?

די ווײבעלע.

ער הויבט שוין ווידער אן מיט׳ן פראנט־רום! מיט וואס האט זיך דאס דער פראנט־רום בײ דיר אזוי פערזינדיגט, וואלט איך געוואלט וויסען.

דער באלעבעסיל.

אויף אײן נאכט. מעהר ניט ווי הײנט.

די ווייבעלע.

ניין, כ'טאר קיין וועג ניט ווייזען. אפילו אויף א מינוט אויך ניט.

דער באלעבעסיל.

וואס זאל מען אבער דערווייל טהאן? זעהסטאך, אז מ'קען זיך אין קיטשען ניט איבערדרעהען אפילו.

די ווייבעלע.

(קוקט ארום זיך פערצווייפעלט. איהר פנים ליכט אויף. זי טהוט זיך א כאפ.)

איך האב א פלאן! (זי פערשפריוט דעם וואש־טאב מיט א ציימונג און שטעלט ארויף דעם געז־אויוועלע.) די מאשין וועט איבער נאכט שטעהן אויפ'ן אויווען.) נעהם, איזי, לאמיר ארויפשטעלען די מאשין.

דער באלעבעסיל.

עס פריהער אב. מיר'ן ארויפשטעלען דערנאך.

די ווייבעלע.

ניין, שוין; כ'וועל ניט קענען עסען. (זיי הויבען ארויף די מאשין אויפ'ן אויוועז.)

דער באלעבעסיל.

זעץ זיך שוין א מאל עסען.

די ווייבעלע.

ס'איז מיר שוין פערגאנגען דער גאנצער אפעטיט. איצט זעה איך, אז די מאנסבילען זיינען ניט ווערטה וואס זיי געהען ארום אויף דער וועלט.

דער באלעבעסיל.

וואס איז שוין ווייטער?



די ווייבעלע.

און דו האסט דאס טאקע געמיינט מיט אן אמת, אז די מאשין זאל בלייבען שטעהן אין פראנט־רום?

דער באלעבעסיל.

געה, נאר איינע, האסט ניט געזעהן, אז כ'האב דאס געלאכט?

די ווייבעלע.

ווייסטאך, אז כ'האב פיינט אזעלכע געלעכטערס. (זי זעצט זיך ביים טיש, דעם קאפ אנגעשפארט אויפ'ן האנד, אומעטיג, פערטראכט.)

דער באלעבעסיל.

(בעט זיך.)

איך פראמיס דיר, אז איך וועל דאס שוין מעהר קיינמאל ניט זאגען. נעהם עס, טרינק פריהער א גלאז ביער.

די ווייבעלע.

(פערפיעסטעט און פער'עקשנ'ט.)

ניין, איכ'ל ניט עסען און ניט טרינקען... אז דו קענסט רייד ען אזעלכע רייד, זעה איך דאך, אז ביי דיר איז די הויז גאר־ניט. דו קעהרסט ניט. ווי דו וואלסט געוועזן ביי א מיסעס.

דער באלעבעסיל.

איך שווער דיר, אז איך וועל דאס מעהר ניט זאגען; איך האב דאס געלאכט. (ער לאזט זיך אראב פאר איהר אויף די קניע און דעקלאמירט שפאסיג.) איך שווער דיר „ביי אלעם הייליגען“, אז קיינמאל אין מיין גאנצען לעבען וועל איך ניט זאגען, אז א נעה־מאשין זאל שטעהן אין פראנט־רום לעבען „לייבערי סעט“. פערצייה מיר!

די ווייבעלע.

(לאַכט.)

הויב זיך אויף, משוגע'נער. אוי, ס'איז מיר אזוי טרוקען אין האַלז. (זי טרינקט אַ גלאָז ביער.)

(פאָרהאַנג.)

„פרייע" מענשען

# „פרייע“ מענשען

## פ ע ר ז אָ נ ע ן:

לאַנגמאַן, אַן אַפּטייקער, 28 יאָהר אַלט.
עטעל, 21 יאָהר אַלט.

לאַנגמאַן׳ס צימער. אַן אייזערנע „ס י נ ג ע ל־ב ע ט ע ל“; אַ טישעל אָנגעוואָרפען מיט ביכער, צייטונגען, אַ „וועקער“; אַ שטוהל; קליידער אויפ׳ן וואַנד. אויף די קליידער אַ שוואַרצע העמ, אַ שטרוי העט. אַן אָמברעלאַ אין אַ ווינקעל. אויפ׳ן געז־רעהר הענגען צווי נעק־טיס, אַ שוואַרצער שלייף און אַ ווייסער „פאר־אין הענד“. ל אַ נ ג־מ אַ ן, אַ פריש־געגאָלטער, פערקאַמט, אָהן אַ ראָק, אין אַ ווייסע געפרעסטע העמד, שטעהט אַנטקעגען שפּיעגעלע, וואָס הענגט אויפ׳ן וואַנד, און טהוט אָן אַ הויכען קאָלנער. ער נעהמט אַראָב די וויי־סע נעקטיי פון געז־רעהר און בינט אוים אויפ׳ן האַלז. עס געפעהלט איהם ניט, טהוט אוים און נעהמט וויעדער אויסבינדען. עס הערט זיך אַ לייכטער קלאַפּ אין טיהר. ער עפענט די טיהר, בלייבט שטעהן איבערראַשט, די נעקטיי האַלב אויסגעבונדען. ע ט ע ל קומט אַריין. זי איז אָנגעטהאָן גאַנץ איינפאַך, אין אַ ווייסער זומערדיגער קלייד, מיט אַן איינפאַכע הוט און אַ לעדערנע „בעג“ אין האַנד.)

**עטעל.**

גוד־איוונינג.

לאנגמאן.

(צוטומעלט.)

גוד־איוונינג... פון וואנען האסטו... וואס מאכסטו? זעץ זיך... א צייט ניט געזעהן זיך... (ס'פעהלט איהם אויס רייד.)

עטעל.

(זעצט זיך אויפ'ן שטוהל.)

יעס, א צייט שוין ניט געזעהן זיך.

לאנגמאן.

(פערענטפערט זיך, רעדט ניט דעררעדענדיג.)

כ'ווייס אליין ניט פארוואס... עפעס ניט אויסגעקומען... כ'האב, אויף נאמנות, גערעכענט די טעג... (זעצט זיך אויפ'ן בעטעל, קנאקט די פינגער.)

עטעל.

כ'האב גארניט געוואוסט וואס צו טראכטען. דו נעהמסט און מופסט ארויס און דו לאזט מיר אפילו ניט וויסען, וואו דו געפינסט זיך. נאר, זעהסטו, איך האב דיר אויסגעזוכט. וואס מאכסטו עפעס? א שעהנער מענש, אויפגעהערט זיך צו ווייזען און גאר אוועקגעמופט.

לאנגמאן.

דאס איז אמת...

עטעל.

געוויס איז דאס אמת. וואס דען, איך האב דאס אויסגעטראכט? וואס איז דער מעהר? ביזט עפעס צוטומעלט. נאר זאל זיין געזונג ריידען פערשטעלט. כ'בין געקומען דיר אבגעבען מזל־טוב: כ'האב געהערט, היינט איז א שמחה ביי דיר; ביי דיר איז תנאים היינט, געהסט ווערען ענגיידזשט.

לאנגמאן.

(קוקט זי אן און לאזט באלד אראב די אויגען.)

יעס, דו ווייסט...



עטעל.

כ'האב געהערט. מזל־טוב דיר!

לאנגמאן.

(מאטערט זיך שמייכלען.)

א דאנק.

עטעל.

און איך בין דאס געקומען צו פערשטארקען דיר די שמחה. איך וויל דיר, איידער דו געהסט פער'קנס'ט ווערען, פערזיכערען, אז דו ביזט אין גאנצען פטור געווארען פון מיר; דו זאלסט זיין אינגאנצען פריי פון מיר אויף אייביג.

לאנגמאן.

וואס מיינסטו? (קוקט איהר אן.)

עטעל,

אט וועסטו באלד זעהן. (עפענט דעם האנד־בעג און נעהמט ארויס א פלעשעלע.) אט דאס וועט דיר פון מיר בעפרייען. און געקומען בין איך דאס טהאן ביי דיר אין רום, דו זאלסט זעהן מיט דיינע אויגען, דו זאלסט זיין זיכער, דו זאלסט קענען גאנץ רוהיג זעצען זיך ביי דיין ענגיידזשמענט.

לאנגמאן.

(צושראקען, געהט צו צו איהר.)

וואס ווילסטו טהאן?

עטעל.

באלד, באלד וועסטו זעהן. איך האב איבערגעלאזען א בריעף און מארגען וועט די גאנצע וועלט וויסען, וואס דא איז געוועזן און פארוואס דאס איז געווען, און דיין כלה מיט די מחותנים דיינע וועלען שטאלצירען מיט דיר. (זי הויבט דאס פלעשעלע צום מויל, ציהענדיג דעם קאריק. ער כאפט אן איהר האנד, זי וויל זיך ארויסרייסען און ער לאזט ניט. זיי ראנגלען זיך און

פאלען ארויף אויפ׳ן בעטעל. ער רייסט ארויס פון איהר דאס פלעשעל און בעהאלט אין קעשענע.)

### לאנגמאן.

(פערמאטערט, דישעט.)

דא קומט זי... דא...

### עטעל.

(מיט געלעכטער, גלייכט אויס די קליידער, די האר, די העט.)

נאר איינער דו, און דו האסט געגלויבט, אז איך וועל טהאן אזא זאך? איך האב געוואלט אביסעלע דיר דערשרעקען. קוק זיך איין, דאס פלעשעלע איז דאך א ליידיגע. (לאנגמאן נעהמט ארויס דאס פלעשעלע פון קעשענע, קוקט זיך גוט איין און טהוט עס א שליידער אויפ׳ן טיש. נעהמט איהר צוריק אין האנד און בעקוקט דעם צעטעלע אויפ׳ן פלעשעל.)

### לאנגמאן.

איך האב פיינט אזעלכע שטיק. (זעצט זיך אויפ׳ן בעטעל.)

### עטעל.

איך האב אבער צוגעגרייט פאר דיר א בעסערע זאך, א גוטע מתנה פאר דיין ענגיידזשמענט, אן ענגיידזשמענט פרעזענט.

### לאנגמאן.

וואס ווילסטו?

### עטעל.

הער: געלאדען צו דיין שמחה האסטו מיר ניט; אבער עס מאכט ניט אויס, אזא נאהענטער פריינד דיינער, ווי איך, מעג קומען, און איך וועל קומען ניט געבעטענערהייט...

### לאנגמאן.

דו... וואס רעדסטו!...



### עטעל.

וואס ביזטו אזוי איבערראשט און וואס האסטו זיך אזוי דערשראקען? הערסט, מיינער אזא נאהענטער פריינד געהט ווערען „ענגיידזשט“, ווי אזוי זאל איך דאס ניט זיין אויף זיין שמחה?

### לאנגמאן.

(הויבט זיך אויף פון בעטעל.)

וואס הייסט... וואס רעדסטו?... וואס ווערסטו דארטען טהאן?...

### עטעל.

וואס וואַרפט דיר אזוי? איך רעכען, אז דיין כלה מיט דיינע מחותנים ווייסען געוויס פון מיר.

### לאנגמאן.

ניין... ווי אזוי?...

### עטעל,

ווי אזוי? דו האסט זיי געוויס דערצעהלט. אזא מאן ווי דו, דו האס זיך געוויס ניט געשעהמט מיט מיר; האסט זיי געוויס דערצעהלט, וואס מיר זיינען זיך ביידע.

### לאנגמאן.

(זעצט זיך אויפ׳ן בעטעל.)

זיי ווייסען ניט פון די זאכען, אז אנדער סארט מענשען...

### עטעל.

(אויפגערעגט.)

אז אנדער סארט מענשען! וואס הייסט דאס? אלע זיינען גלייכע מענשען! דאס האב איך אליין פון דיר געהערט! זיי ווייסען ניט פון די זאכען, זאגסטו! פארוואס האסטו זיי ניט אויסגעלערענט? און איך האב יא געוואוסט פון די זאכען? דיין כלה לערענסטו גארניט, ווי דו האסט מיר געלערענט, אז

מען מעג האנדלען, מען מעג טהאן וואס מען וויל? אז מען מוז אזוי האנדלען! איך גלויב דאס גאר ניט אויף דיר...

לאנגמאן.

זי איז כמעט נאך גאר א קינד... ווייסט נאך פון גארנישט...

עטעל.

(געהט צו הארט צו איהם און רעדט איהם אין פנים אריין.)

און איך האב געוואוסט? איך האב אויך ניט געוואוסט, אידער דו האסט זיך צוגעטשעפעט... איך האב ניט געוואוסט און איך האב ניט געוואלט וויסען... דו האסט מיר ניט אבגעלאזען. און עס איז דיין פליכט, האסטו מיר געזאגט, צו מאכען פון מיר א פרייען מענשען, צו האנדלען פריי. און דו האסט אויסגעפיהרט וואס דו האסט געוואלט. „זי ווייסט ניט פון די זאכען", און איך פערשטעה, דו ווילסט גארניט, זי זאל דערפון וויסען!... ווייל זי וועט זיין דיין ווייב, וועט זיין פאר דיר געזינטער, זי זאל פון גארניט וויסען. מיך האסטו אבער אויסגעלערענט דיין תורה, כדי דו זאלסט קענען קומען צו מיר ווען דו ווילסט. זי וועט אבער וויסען, היינט, צו דיין ענגיידזשמענט וועט זי זיך פון אלעס דערוויסען... (זי נעהמט געהן צום טיהר. ער שטעלט זיך איהר אין וועג, וויל אננעהמען איהר ארעם; זי ציהט זיך פון איהם אוועק.) דו האסט געווים קיין צייט ניט... (זי וויל אננעהמען די הענטעל פון טיהר, ער שטעהט אין וועג.)

לאנגמאן.

(מיט געמאכטען קוראזש.)

דו האסט קיין רעכט ניט!... מיט וואס פאר א רעכט...

עטעל.

(לאכט ביטער און איראניש.)

דו רעדסט פון ר ע כ ט...

לאנגמאן.

איך מיין ווענען איהר... וואס האסטו צו איהר?... (מיט



געמאכטער פעסטקייט.) הער זיך איין, דו ווייסט גאנץ גוט אליין, קיין קאנטראקט האבען מיר ניט געמאכט; ס'איז געווען אלעס מיט אונזער ביידענס פרייען ווילען... וואס וואלט איך דיר געטהאן, ווען דו...

עטעל.

(שלאגט איהם איבער, אויפגערעגט, מיט צארן.)

ניין! ס'איז א ליגען! ס'איז ניט געווען מיט מיין פרייען ווילען! דו האסט דיין ווילען ארויפגעצוואונגען אויף מיר. איך האב דיר ניט געוואלט הערען און דו האסט מיך ניט אבגעלאזט מיט דיינע רייד, מיט דיינע ערקלעהרונגען. ביי מיר איז אלץ איינס, צי איינער צווינגט מיט א שטעקען אדער מיט א בייטש, אדער מיט זיסע רייד, מיט פאלשע רייד. דו האסט מיך געצוואונגען... (זי זעצט זיך שוואך אויפ'ן שטוהל, טרעהרען פערשטיקען איהר, רעדט דורך טרעהרען.) דו האסט געזאגט, אז דו ליעבסט מיך... איך בין געווען יונג... ביז דיר האב איך פון קיינעם אזעלכע רייד ניט געהערט... דו האסט מיר פערזיכערט און געשווארען, אז קיינמאל האסטו נאך אזא ווי איך ניט געטראפען... איך האב דיר אזוי געליעבט... (זי בעהאלט דעם פנים אין די הענד. וויינט. פויזע.) איך האב זיך אין גאנצען איבערגעגעבען צו דיר. איך האב זיך צוליעב דיר צוקריעגט מיט מיינע שוועסטער און ברידער, מיט אלע מיינע פריינד... איך האב פון דיר ניט געפאדערט קיינע קאנטראקטען און קיינע פערבינדונגען... איך האב דאס אפשר געוואלט... איך האב אבער געוואלט גלויבען אין אלץ, אזוי ווי דו... (שטעלט זיך אויף פעסט, ווישט אויס די אויגען, דאס פנים. ער שטעלט זיך מיט'ן רוקען פעסט צום טיהר. זי נעהמט וויעדער ריידען, קאלט, מיט א קלאהרער שטימע.) די אלע רייד דיינע האבען אבער ביי מיר היינט קיין שום ווערטה ניט; איך וויל ניט וויסען, וואס דו האסט אין מיר אריינגערעדט; איך וויים וואס דו האסט געטהאן און וואס דו געהסט טהאן היינט: געהסט מאכען א קאנ־

טראקט... געהסט זיך פערזארגען מיט א תכלית... ז י ך האסטו גוט געהאט אין זינען, און דו ביזט אנטלאפען...

לאנגמאן.

אנטלאפען... מיר געהען זיך פונאנדער...

עטעל.

(לאכט ביטער, קרימט איהם איבער.)

„מיר געהען זיך פונאנדער“... (מיט צארן.) לאז מיך געהן!

לאנגמאן.

זאלסט ניט קומען מאכען קיינע ביזנעס דארטען...

עטעל.

דו וועסט שוין שפעטער זעהן.

לאנגמאן.

זאג מיר צו, אז דו וועסט אהין ניט קומען.

עטעל.

(קאלט און געלאסען.)

און איצט וועל איך דיר ערקלעהרען, פאר וואס איך וועל דארטען זיין און וועל זאגען, וואס איך וועל דארפען.

לאנגמאן.

(מיט כעס.)

און איך זאג דיר, אז דו וועסט דארטען ניט זיין.

עטעל.

דאס וועלען מיר זעהן. אלזא, הער, מיך קרענקט דיין נידעריגע האנדלונג געגען מיר. וואלסטו מיר ערקלעהרט, ווי א מאן, אז דו ווילסט מיך ניט מעהר, אדער אז דו האסט דערזעהן א שעהנערע, מיט מעהר תכלית, אדער וואלסט אויסגעזוכט ווייס איך וואס פאר א תירוץ, וואלט איך אפשר זיך געבעטען ביי דיר, איך וואלט געוויינט אין דער שטיל. איך וואלט זיך ביי



דיר געבעטען מיט גוטען און אפשר מיט בייזען, און איך וואלט דיך געלאזט געהן, וואוהין דו ווילסט. ווי האסטו אבער געהאנדעלט? שטילינקערהייט האסטו זיך געטהאן א שדוך, און פלוצלונג אויפגעהערט צו ווייזען זיך פאר מיר, בעהאלטען זיך, און זיך גאר ארויסגעמופט! ווי האב איך גאנצע נעכט געוויינט, געריסען זיך די האר פון קאפ... וואס פאר א ווערדע האב איך געהאט ביי זיך?... איך האב זיך דערוואוסט, וואס דו האסט געטהאן, און ביי מיר אין הארצען האט זיך אנגעצונדען א פלאקער נאך נקמה... פאר דיין אנטלויפען, פאר דיין נידריגער האנדלונג... היינט וועל איך האבען מיין נקמה. דאס איז די בעסטע נקמה, וואס איך קען נעהמען פון אזא מענשעלע, ווי דו... און מיר וועלען זיין קוויט. (זי נעהמט זיך עפענען די טיהר.)

לאנגמאן.

(צוקאכט.)

דו וועסט דארטען ניט זיין, מען וועט דיך ניט לאזען!

עטעל.

(לאכט.)

דאס, זעהסטו, איז א גוטער וויץ. אויב עס וועט נויטיג זיין, וועל איך ניט קומען אליין. איך ווייס, ווי מען איז זיך נוהג אין אמעריקא אין אזעלכע זאכען. מען נעהמט צו דעם חתן פון דער חופה אויך, אז מען דארף...

לאנגמאן.

(קוקט איהר אן.)

דו רעדסט דאס? וואס איז דאס פאר א רייד?

עטעל.

לאז מיך געהן!

## לאנגמאן.

(ניעדערגעשלאגען.)

וואס ווילסטו? (זי שטופט איהם אוועק פון טיהר און געהט ארויס. די טיהר בלייבט אביסעלע אפען. ער נעהמט נערוועז און צוטראגען ארומגעהן הין און צוריק איבער'ן צימער; שטעקט די הענד אין די האר, אין די קעשענעס, זעצט זיך אויפ'ן בעטעל מיט'ן פנים אין ביידע הענד, הויבט זיך אויף און נעהמט ווידער ארומ־זעהן, רייבט מעטשעס, פערסמוקט א סיגארעט, ווארפט אוועק; לעגט זיך אוועק איבער'ן בעטעל מיט'ן קאפ אויפ'ן וואנד. הויבט זיך אויף, געהט ארום. ער זעצט זיך אוועק אויפ'ן בעטעל, זיין קאפ זינקט אראב אין ביידע הענד, מיט די פינגער אין די האר. פויזע.)

## עטעל.

(בעוויזט זיך אין דער אפענער טיהר. ער הערט ניט. זי קוקט אויף איהם. א שמייכעל צושפריט זיך איבער איהר פנים. זי צולאכט זיך. ער שפרינגט אויף א דערשראקענער.)

גוט איבערגעשראקען דיר, הא? קענסט געהן צו דיין ענגיידזשמענט. מיין נקמה האב איך שוין געהאט דא אין רום. איך דענק, דו האסט שוין געהאט גענוג. איך האב שוין גענוג איפגעטרייסעלט דיין קליינינקע נשמה'לע. נאר איינער דו, האסט דען געגלויבט, אז איך וועל געהן דערצעהלען, אז דו ביזט געוועזן מיינער א חבר? איך האב געקלעהרט און גע־קלעהרט, ווי מיט דיר זיך אבצורעכענען און מיין עהרע זאל דערביי ניט ליידען, און איך דענק, אז איך האב גוט דערקלעהרט. מיך פערדריסט נור, וואס איך פערשאף דיר איצט דעם פלע־זשור און לאז דיר וויסען, אז דו קענסט זיך גאנץ פריי געהן צו דיין ענגיידזשמענט. איך האב אבער געמוזט אריינקומען צוריק דיר דאס זאגען; איך האב זיך ניט געקענט איינהאל־טען. איך האב נאך א ביסעלע געוואלט זעהן, ווי דיין נשמה פרעגעלט זיך אין יסורים. מיר זיינען קוויט אויף אייביג.



## לאנגמאן.

(צוקאכט פון שמחה.)

וועסט דארט ניט זיין... (ער וויל אננעהמען איהר ארעם. זי שטופט איהם אוועק און געהט ארויס.) ער לויפט צו צום שפיעגעלע און נעהמט אויף גיך אויסבינדען די נעקטיי.)

(פארהאנג.)

# פון דור צו דור.

## פ ע ר ז אָ נ ע ן:

הערריס הענקין, עטליכע און פופציג יאָהר אַלט,
אַ מאַנופעקטשורער פון „שוה־
לייסעס“.
זיין ווייב, אַ פּאָר יאָהר אינגער.
סעמי, זיין זוהן, עטליכע און צוואַנציג יאָהר אַלט,
אַ סיילסמאַן אין זיין פּאָטער׳ס געשעפט.
מינע, סעמי׳ס ווייב, אין די זעלבע יאָהרען.

ביי סעמי הענקין אין הויז, אין די בראָנקס. די דיינינג־רום. אַ נישקשה׳דיגע היים, וואו דער מאַן פּערדיענט ניט שלעכטע וויי־דזשעס. צווישען 9 און 10 אַזייגער אין אָבענד. סעמי הענקין ליעגט אויסגעצויגען אויפ׳ן סאָפע און לייענט אַ ציימונג. זיין ווייב, מינע, זיצט ביים טיש און פאַרריכט עפּעס אַ קינדערש קליידעל. פויזע אַ פּאָר מינוט. סעמי טהוט אַ שמיץ פון זיך די ציימונג, זעצט זיך אַוועק און נעהמט זיך אויסטהאָן די שיך. ער נעהמט אַראָב אַ שוך און טהוט עס נאַכלעסיג אַ וואָרף אויפ׳ן פלאָר.

### מינע.

קלאַפּ ניט אַזוי מיט די שיך, וועסט אויפוועקען די בייבים.

### סעמי.

מ׳פרעגט ביי דיר קיין עצות ניט. (ער טהוט אויס די צוויי־טע שוך, לאָזט עס אַראָב מיט נאָך אַ שטאַרקערען קלאַפּ.)

מינע.

(אויפגערעגט).

משוגע'נער! קענסט ניט אויסטהאָן די שיך ווי א מענש?!

סעמי.

כ'האָב געהערט פריהער. (ער טהוט אַ בריק די ציימונג, וועלכע פליהט אַרויף מיט אַ גערויש אויפ'ן טיש אויף מינע'ס אַרביים).

מינע.

(מיט אַ כאַפּ, דערשרעקט זיך, טהוט אַ וואָרף איהר אַרביים).

אוי! דער משוגע'נער האָט שוין אָנגעהויבען! וואָס טהוסטו היינט אין דער היים? פאַרוואָס געהסטו ניט ערגעץ?

סעמי.

אַז דו וועסט זאָגען נאָך אַמאָל, וועל איך טאַקע געהן.

מינע.

(נעהמט זיך צוריק צו דער אַרביים).

מעגסט געהן.

סעמי.

איך בין אַ גוטער מאַן און פאָלג. (ער זעצט זיך אויפ'ן זאָפע און נעהמט זיך אָנטהאָן די שיך. פויזע).

מינע.

(רעדט, ווי בעקלאָגענדיג זיך פאַר זיך אַליין).

קיין זאַך טהוט דאָס ניט ווי אַ מענש. טהוט ער אויס די שיך, האַקט ער און קלאַפּט... די בייבים שלאָפען... וואָס ער טהוט, איז דאָס מיט צו־להכעים... אַלץ אויסצועסען די גאַל...

סעמי.

וואָס נאָך? זעהסט דאָך אַז איך פאָלג.

מינע.

אַ משוגע'נער... אַ ווילדע חיה...



סעמי.

(שטעלט זיך אויף מיט די שיך אויף די פיס).

וואו האָב איך געלעגט מיין קאָלער מיט'ן טאַי?

מינע.

כ'וויים ניט; געה זוך.

סעמי.

(זוכט מיט די אויגען איבער'ן הויז).

זוך מיר אויס דעם קאָלער מיט'ן טאַי.

מינע.

איך זאָל דיר זוכען? געה זוך!

סעמי.

האָסט שוין מסתמא בעהאַלטען, כ'זאָל ניט קענען אַוועקגעהן. (מינע לאַכט חלשות'דיג). וואָס לאַכסטו? איך וויים ניט דיינע טריקס? (מינע ענטפערט ניט. סעמי דערמאָנט זיך: ער שטעקט אַריין די האַנד צווישען זאָפע און וואַנד און נעהמט אַרויס „קאָלער און טאַי“. ער שטעהט ביים שפּיגעל און טהוט זיך אָן. מינע וואַרפט אויף איהם אַ קרומען קוק. ער טהוט אָן אַ ראָק און הוט. עס הערט זיך אַ קלונג. ער בלייבט שטעהן. מינע שטעלט זיך אויף און געהט צום טיר. די אַלטע מיסעס הענקין קומט אַריין מיט אַ פאַטשיילע אויפ'ן קאָפּ).

די אַלטע.

גוטען אָבענד. וואו געהסטו דאָס איצט, סעמי?

סעמי.

פרעג ביי איהר, וועט זי דיר זאָגען. (ער געהט אַרויס, נאָר קומט באַלד צוריק אַריין און פרעגט) דער טאַטע איז אין הויז?

די אַלטע.

ער איז דאָ. (סעמי געהט אַרויס. די אַלטע זעצט זיך.) שוין

געוועז עפעס דא ביי אייך? פאר וואס זאלען אזעלכע צוויי, ווי איהר, ניט קענען אויסקומען צווישען זיך און לעבען ווי אלע מענשען?

## מינע.

(לעגט אוועק איהר ארביים און רעדט מיט ביטערניש).

ווי קען מען מיט איהם אויסקומען! ווי קען מען מיט איהם לעבען, אז ס'איז א ווילדע חיה און ניט קיין מענש?!

## די אלטע.

דו זינדיגסט. גלויב מיר, דו זינדיגסט. געגען דעם טאטען זיינעם איז ער דאך א שטיק גאלד. פרעג, ווי קום איך אהער? צו וואס בין איך איצט געקומען?

## מינע.

ווען איהר קומט, זייט איהר ביי מיר א גוטער גאסט. איהר'ט טרינקען א גלאז טהע?

## די אלטע.

ניין, זיי זיך ניט מטריח. אין דער פריה איז ער אוועקגעגאנגען שילטענדיג און בריקענדיג, וואס ס'איז איהם נאר געקומען אונטער די פיס. זאגט מיר ניט, צי ער קומט צו סאפער, צי ניט. ווייס איך דאך שוין, אז ער געהט אזוי אוועק, קומט ער ניט אזוי פריה אהיים, און דערצו איז נאך היינט מיטוואך, דארף ער דאך אבזיצען ביי די קארטען ביז פיער אזייגער פארטאג — האב איך קיין סאפער ניט געקאכט ארויסצוגיסען, און גראד אויף צו־להכעיס קומט ער און וויל סאפער, מיט געפרייטע טשיקען, מיט העלזלאך און הויבט ווידער אן שילטען און בריקען מיט די פיס, וואס ער כאפט. האב איך גענומען די פאטשיילע און אנטלאפען פון הויז. אזא וועלט פיהר איך מיט איהם שוין באלד איין און דרייסיג יאהר, קומסטו צוגעהן און דו זינדיגסט, אז עס קומט ביי אייך אמאל פאר אן איבעררייד.



## מינע.

(מיט ביטערניס און וועהטאג).

אן איבעררייד! דאס איז דאך קיין מענש ניט! רעדט ער דען ווי א מענש? בענעהמט ער זיך ווי א מענש?

## די אלטע.

(מיט א וועהטאג־שמייכעל).

אז דו וואלסט געהאט מיינעם, וואלסטו דאמאלס געוואוסט.

## מינע.

וואס דארף איך אייערען, אז איך האב מיינעם! הערט זיך איין, שוויגער, ביי אייך איז שוין און־און־דרייסיג יאהר. איך וועל דאס אזוי לאנג ניט דערלעבען. אויף דעם קען איך אייך שווערען. וואס טויג מיר מיין לעבען, אז דאס איז ניט קיין לעבען! אז איך מוז לעבען מיט א ווילדע חיה! כ'פערשלעפער קאם די בייבים, הויבט ער אן האקען און קלאפען מיט די שיך און טהוט צו־להכעיס און קלאפט ווייטער; אז כ'רייד איהם אוים אווארט, נעהמט ער לויפען. איהר'טאך געזעהן, ווי ער איז אנטלאפען געווארען. פרעגט איהם, וואו לויפט ער? דאס סטראשעט ער מיך אב, אז ער אנטלויפט, דרעהט זיך ארום אויפ'ן בלאק, צי ער שפיעלט ערגעץ מיט די לאנגע שטעקענס — ביליארד, פול, כ'ווייס זעהר ווי מ'רופט דאס — זאל איך אזוי וויסען פון א י ה ם. דערנאך, אז ער קומט צוריק, הויבט ער ווידער אן האקען און קלאפען, ארומרוקען די טשערס מיט'ן לאנדזש, אז די בייבים דערשרעקען זיך אין שלאף און הויבען אן וויינען.

## די אלטע.

וואס וויל ער? ער מוז דאך עפעס וועלען.

## מינע.

אויף א י ה ם פרעגט זי וואס ער וויל. (זי מאכט א פערזוך

צו לאכען). איהר ווייסט וואס ער וויל? ער וויל, כ'זאל ארויסקומען און איהם איבערבעטען, וועט ער געהן אין בעט אריין.

די אלטע.

אזוי ווי דער טאטע זיינער, ס'זאל פעהלען א האר! כ'האב דיר, דאכט זיך מיר, שוין אמאל דערעהלט. אין לאמזע איז דאס נאך געווען, ס'איז שוין אין דעם גוטע עטליכע און צוואנציג יאהר, אפשר שוין דרייסיג, כאפט איהם אמאל אן דער משוגעת פאר ליכט־בענשען און ער לאזט אוים די רציחה צו א פאלומעשאק מיט פיש, א שליידער געטהאן דעם פאלומעשאק אויף דר'ערד און די פיש צוטראטען אויף מעהל. אז ער איז דערנאך געקומען פון שוהל, האט ער זיך ניט געזעצט צום טיש מאכען קידוש, אז איך וועל פריהער איהם ניט צוגעהן איבערבעטען.

מינע.

(נייגעריג).

און איהר האט דאס געטהאן?

די אלטע.

ווי דען? כ'האב ניט געוואלט אנמאכען קיין פערשטערטען שבת.

מינע.

ביי מיר קען ער אזעלכע זאכען ניט אויספיהרען. כ'האב פיינט איבערצובעטען.

די אלטע.

ער צוברעכט עפעס א מאל, ווען ער ווערט אין כעס?

מינע.

(שטרענג).

מעהר וואלט איהם ניט געפעהלט! א מאל, באלד נאך דער חתונה, האט ער יא געכאפט עפעס אין האנד אריין, כ'געדענק שוין ניט, א גלאז, צי וואס־עס־איז און געוואלט שליידערען



אויפ'ן פלאר, האב איך א נעהם געטהאן דעם „פיטשער“ און כ'וואלט דאס אראבגעלאזען אויף זיין קאפ, אז ער סטאפט ניט. האב איך איהם דאמאלס אנגעזאגט, אז ער וועט זיך נאר דערוועגען צו פערמעסטען עפעס צוברעכען, וועל איך איהם ווארפען אין קאפ, וואס איך וועל כאפען. געדענקט ער דאס פון דאמאלס אן. כ'דארף טאקע נויטיג, אז די טענענטס זאלען הערען ווי מ'ברעכט דא דישעס! און איבערבעטען איהם האב איך איהם אויך ניט איינגעוואוינט.

די אלטע.

הלואי וואלט איך אזוי געטהאן באלד אין אנהויב. ער'ט מיר נאכאנאנד געמאכט דעם טויט און איך האב איהם אלץ איבערגעבעטען, ביז כ'בין געקומען צום שכל!

מינע.

ווי אזוי?

די אלטע.

א פאר מאל האב איך זיך איינגע'עקשנ'ט, ביז ס'איז איהם מיאוס געווארען ווארטענדיג, איז ער צוגעקומען און מ י ר איבערגעבעטען. ער קען ניט לאנג זיין ברוגז.

מינע.

(לאכט).

מיר זיינען ביידע א פאר. מיינעם האב איך בעסער קיינמאל ניט געוויזען דעם וועג אביערצובעטען, האט ער זיך אויסגעלערענט און בעט מ י ר איבער. אבער יעדען מאל פערגעסט ער זיך און ווארט, כ'זאל צוקומען איהם איבערבעטען — —

די אלטע.

כ'פאל דיר אריין אין די רייד — דערנאך בין איך געווארען נאך קליגער — צרות לערנט אוים — כ'האב דאך געוואוסט, אז ברוגז קען ער ניט זיין, האב איך זיך ניט געלאזט אזוי גיך

איבערבעטען — זאל איהם אנקומען שווערער, וועט ער וויסען אויף נאך א מאל. אז ער זעהט, ס'געהט ניט, ווערט ער גאר צוקער־זיס. איינמאל האט ער מיר פאר גוטסקייט, כ'זאל זיך לאזען איבערבעטען, געבראכט צוטראגען א נייעם פעלץ.

### מינע.

(שטעלט זיך אויף).

איהר'ט באלד עפעס זעהן. (זי געהט אריין אין שלאף־צימער און קומט באלד ארויס מיט עפעס אזא מין העמדעל אין די הענד). איהר זעהט, שוויגער, אט דעם „קאמבינייישאן סילק אנדערוועער" האט ער מיר געבראכט פאראכטאגען, כ'זאל מיט איהם אנהויבען ריידען. (זי טהוט א ווארף דאס העמדעל אויפ'ן זאפע). אבער וואס טויג מיר די אלע זאכען מיט די סילק אנדערוועער, אז מ'קען מיט איהם ניט אויסקומען! אז דאס איז קיין ברעקעל מענש ניט! עס געהט ניט אוועק א ווײלע, אז ער איז דא אין הויז, אהן צו־להכעיס'ן מיט משוגעת'ן. וואו זאל איך נעהמען כח דאס אלעס פון איהם אויסצוהאלטען? (אויפגערעגט). איכ'ל מאכען א סוף! איכ'ל איהם איבערלאזען מיט'ן הויז, מיט אלץ וואס דא טהוט זיך און אנטלויפען וואו מיינע אויגען וועלען מיר טראגען.

### די אלטע.

וואס רעדסטו נארישקייטען? האסטאך צוויי פיצלעך קינדער!

### מינע.

וואס זאל איך אבער טהאן? ווי קען איך זיך אנדערש העלפען?

### די אלטע.

אפשר וועט ער זיך בעסערען. ער'ט עלטער ווערען, קריגען מעהר שכל.



### מינע.

איהר וויסטאך שוין, ווי זיי בעסערען זיך! ער'ט מסתמא ווערען ערגער, ניט בעסער. אייערער האט זיך עפעס א סך געבעסערט זינט איהר קענט איהם?

### די אלטע.

פון מיינעם איז אבגערעדט.

### מינע.

פון מיינעם איז אויך אבגערעדט.

### די אלטע.

פון אוועקגעהן פון איהם זאלסטו בעסער גארניט טראכטען. דאס איז שוין די משפחה אזא זייערע. ווער האט זיי אין לאמזע ניט געקענט מיט זייערע משוגעת'ן? גערופען האט מען זיי אלעמען „די צודרעהטע" — —

### מינע.

איז דאס מיר בעשערט געווען איינצוקויפען זיך אין דער טהייערער משפחה!

### די אלטע.

מיינסט אפשר, זיי האבען ניט געטאן די בעסטע שדוכים? די גאנצע משפחה געווען הענדלער, סוחרים אויפ'ן מארק. די ווייבער זייערע האט גארנישט געפעהלט, אלע האבען זיי געהאט די בעסטע קליידער מיט ציערונג. אבי גלאט אזוי געמאכט דעם טויט פאר אומזיסט און אומנישט און דערנאך איבערגעבעטען און געבראכט צוטראגען מתנות. באלד נאך דער חתונה האבען די יונגע ווייבלעך אלע געוואלט אנטלויפען — און מ'איז געבליבען זיצען. ס'איז גרינג זיך אבצוזאגען — אנטלויפען. דערנאך, אז ס'ווערט געבארען א קינד און דערנאך נאך איינס, איז דאך שוין ניטא וואס צו טראכטען פון אנטלויפען. וואו לויפט מען? אויב דו ווילסט זיך בעמיהען, שטעל ארויף א גלאז טהע.

### מינע.

שוין געה איך. אבער מעהר פון אלץ קרענקט מיר איין זאך: מ'צוקריעגט זיך, גוט, זיי כאטש ברוגז א פאר טעג און לאמיך א ווײלע אברוהען, רייד ניט צו מיר און טשעפּע ניט. איך'ל דיר ניט אנקוקען און דו קוק מיר ניט אן, לאמיר האבען כאטש א ווײלע רוה.

### די אלטע.

פון די זאכען ווייסען זיי קיינער ניט, די גאנצע משפחה, זיי קענען ניט זיין ברוגז. פריהער ווארטען זיי, מ'זאל זיי אי־בערבעטען, און אז זיי זעהען ס'געהט ניט, בעטען זיי ד י ר איבער, ווערען גוט, כאטש נעהם און לעג זיי צו צו א מכה.

### מינע.

איהרטאך פריהער געזעהן, ווי ער איז באלד צוריק אריינ־געקומען פרעגען, אויב זיין טאטע איז דא אין הויז — דאס האט ער שוין געוואלט צוריק גוט ווערען.

### די אלטע.

ווענען דעם ווייס איך ניט. ער איז טאקע מסתמא אוועק צום טאטען. וואס האב איך פריהער געזאגט — — ווערען גוט, ווייך ווי קאשע — —

### מינע.

אבער ווי לאנג האלט דאס אן? אין א מינוט ארום פער־געסט ער און הויבט ווידער אן. אט געה איך ארויפשטעלען טהע. (זי שטעלט זיך אויף און געהט אריין אין קיך. פּויזע. זי קומט באלד צוריק און זעצט זיך ביים טיש).

### די אלטע.

דערצעהל מיר, זאג מיר, איבער וואס קומט ביי אייך ארויס די קריגערייען?



### מינע.

אויף איהם פרעגט איהר פון וואס מען קריעגט זיך! איבער גארנישט. געפינט ער צום סאפּער טאמייטאס, וויל ער פּיקעלס; געפינט ער פּיקעלס — וויל ער טאמייטאס. הויבט ער זיך אן בריקען און זידלען. פאר'ן שלאפען געהן פערוואַרפט ער ערגעץ די שיך און אין דער פריה בין איך שולדיג, אז ער געפינט ניט. איז דא א הארטער קאלער — וויל ער א ווייכען. אז שוין גאר־נישט, קומט ער גלאט צו און קנייפּט אוים א שטיק פלייש — דאס איז ביי איהם א דזשאוק — ס'איז מיר א שאנדע פון איהם צו דערצעהלען — — (ס'קלינגט) — אט קומט ער שוין. קומט, שוויגער, מיר'ן טרינקען טהע אין קיטשען. (ביידע הויבען זיך אויף און געהען אריין אין קיך. דער אלטער הענקין און סעמי קומען אריין. זיי קוקען זיך ארום, קוקען אריין אין קיך דורך דער אפענער טיר. ביידע שווייגען שטיל. מען זעהט, אז זיי איז ניט פרעהליך אויפ'ן הארצען — עפּעס דריקט זיי, קוועטשט זיי. זיי געהען ארום בעזונדער איבער'ן צימער, בלייבען שטעהען, געהען ווידער, קומען זיך איינער דעם אנדערען אין וועג, כאפּען א קוק אין קיך. דער אלטער דערזעהט די ווייבערשע העמדעל אויפ'ן לאנדזש, נעהמט עס אין די הענד און בעטראַכט עס).

### דער אלטער.

וואס איז דאס? וואס ליגט עס עפּעס אזוי?

### סעמי.

(נעהמט אוועק פון איהם דאס העמדעל).

ווי דו דערזעהסט דאס באלד! (ער געהט אריין מיט דער העמדעל אין שלאף־צימער, לאזט עס דארט איבער און קומט ארויס צוריק).

### דער אלטער.

וואס זיצט עפּעס דיין ווייבעל אין קיטשען און קומט ניט אריין?

### סעמי.

(פלאנטערט זיך).

ניין... גארנישט... זי זיצט דארט גלאט אזוי. די מאמע איז דאך דארטען מיט איהר... זיי טרינקען טהע... וואס טהוט דא איצט די מאמע אזוי שפעט?...

### דער אלטער.

איך וויים וואס?... כ׳וואלט אויך געטרונקען א גלאז טהע... זאג זיי דארטען...

### סעמי.

(געהט צו צום טיך־טיר און בלייבט שטעהן... געהט צוריק).

שפעטער... מינע וועט אריינקומען, וועסטו איהר זאגען...

### דער אלטער.

(בעטראכט סעמי׳ן פערדעכטיג).

גיב אהער די קארטען מיט׳ן „סלייט“, מיר׳ן מאכען א ווײלע א פינאקעל. (דער אלטער זעצט זיך ביים טיש. סעמי ברענגט די קארטען מיט׳ן „סלייט“ מיט א לאנגע שטיקעל קרייד און זעצט זיך אנטקעגען טאטען).

### סעמי.

אויף וויפיעל וועלען מיר שפיעלען?

### דער אלטער.

זאל זיין אויף א האלבען טאלער.

### סעמי.

איינלעגען די געלט.

### דער אלטער.

כ׳טרוי דיר, מ׳דארף ניט איינלעגען.

### סעמי.

איך טרוי דיר אויך, אבער ס׳איז בעסער, אז מ׳לעגט איין. דערנאך, אז דו פערליערסט, הויבסטו אן מיט תירוצים.



### דער אלטער.

גוט, לעג איין ביי מיר א האלבען טאלער.

### סעמי.

ביי דיר טויג ניט איינצולעגען.

### דער אלטער.

ביי וועמען דען וועסטו איינלעגען?

### סעמי.

לעג איין ביי מיר.

### דער אלטער.

ס׳טויג ניט. ביים שפיעלער איז ניט מזל׳דיג איינצולעגען. מיר׳ן אוועקלעגען אונטער׳ן „סלייט“. (ער נעהמט ארויס א מטבע פון קעשענע, הויבט אויף דעם „סלייט“).

### סעמי.

לאז מיר א קוק טהאן וואס דו לעגסט דארטען. (ער נעהמט די מטבע, בעקוקט). גוט, לעג אוועק. (ער נעהמט ארויס א האל־בען דאלאר און וויל אוועקלעגען).

### דער אלטער.

לאז מיר נור א קוק טהאן. (ער נעהמט די מטבע און ווארפט אויפ׳ן „סלייט“ און הערט זיך איין צום קלונג, לעגט אוועק אונ־טער׳ן „סלייט“. זיי שפיעלען, אבער אהן א „געפיהל“, אהן דעם ריכטיגען קארטען־ברען. ביידע קוקען אונרוהיג צום קיך... ביידע הוסטען...)

### סעמי.

(לעגט ארויס צוויי קארטען).

פערשרייב מיר א פערציג־טרומף. (דער אלטער פערשרייבט. זיי שפיעלען ווייטער. סעמי בויגט זיך איין אויפ׳ן „סלייט“). כ׳האב געמאלדען פערציג־טרומף, פארוואס האסטו מיר פערשרייבען צוואנציג?

דער אַלטער.

וואו ?

סעמי.

זעהסט ניט ? אויפ'ן טיש !

דער אַלטער.

(קוקט זיך צו).

ביזט גערעכט. געמאַכט אַ מיסטייק. ביינאַכט איז ביי מיר די אויגען עפּעס ניט אַזוי. כ'וועל מוזען זעהן וועגען ברילען. (ער פּיקסט דעם ציפּער).

סעמי.

ווייסטו גאַר וואַס, גיב מיר אַהער דעם „סלייט", וועסט מאַכען צופּיעל מיסטייקס. (סעמי נעהמט דעם „סלייט" צו זיך און זיי שפּיעלען ווייטער).

דער אַלטער.

(לעגט אַרויף קאַרטען אויפ'ן טיש).

פערשרייב מיר פערציג פּינאַקעל. (סעמי פערשרייבט און זיי שפּיעלען ווייטער).

סעמי.

(מיט אַ כאַפּ).

וואַס פאַר אַ פערציג פּינאַקעל האַסטו דאַרטען געמאַלדען ? פערציג פּינאַקעל איז דאַס ביי דיר ? מיט אַ קווין קלאַבס מעלדסטו פערציג פּינאַקעל ? אַט האָב איך דאָך איצט געקויפט די צווייטע קווין שיפּע ! נעהם אַריין צוריק די צוויי קאַרטען.

דער אַלטער.

(נעהמט אַריין צוריק די צוויי קאַרטען).

אַז ס'קומט ביינאַכט איז ביי מיר עפּעס די אויגען...



סעמי.

איך דענק, כ'וועל באַלד גאַר איינפּאַקען, דו'סט נאָכאַנאַנד מאַכען דיינע מיסטייקס...

דער אַלטער.

ס'טרעפט זיך אַמאָל... (זיי שפּיעלען ווייטער. די שפּיעל האַלט אָן אַ פינף מינוט. די אַלטע קומט שטיל אַריין. זי נעהמט די פּאַטשיילע. דער אַלטער קוקט שטאַרק אויף איהר.)

דער אַלטער.

(צו זיין ווייב).

געה ניט אַליין, כ'געה אויך באַלד. (סעמי לעגט אַוועק די קאָרטען און געהט אַריין אין קיך).

די אַלטע.

(קוקט ניט אויף איהם).

כ'וועל טרעפען דעם וועג אַהן דיר.

דער אַלטער.

(שטעלט זיך אויף און קומט צו צו איהר).

וואַרט אויס אַ ווײַלע, מיר'ן ענדיגען די גיים. זעץ זיך און עס דערוויילע. (ער נעהמט אַרויס פון קעשענע אַ קליין פּעקעלע). גלייכסטאָך פייגען. אַ טהייערע באָקסעל פייגען, אימפּאָרטירט פון קאַליפאָרניאַ. יענע וואָך געווען חמשה עשר.

די אַלטע.

(נעהמט ניט).

האַסט מיר שוין געגעבען גענוג פייגען צייט איך קען דיר. (זי געהט צום טיר).

דער אַלטער.

זעץ זיך אַוועק און עס ביז מיר'ן ענדיגען די גיים. (ער טהוט אָן די הוט). געה ניט אַליין שפּעט ביינאַכט. (ער שטעלט זיך איהר אין וועג).

### די אלטע.

קיינער וועט מיר ניט כאפּען. לאָז! (זי געהט צו צום קיך־טיר און זאָגט) אַ גוטע נאַכט! (דער אַלטער הויבט אויף אויף גיך דעם „סליוט“, נעהמטביידע האַלבע טאַלערס און לאָזט אַראָב אין קעשענע. זאָגט „גוט בייט“ אין קיך אַריין).

### סעמי.

(לויפט אַריין, הויבט אויף דעם „סליוט“).

פאַ! וואָס'טו גענומען מיין האַלבען טאַלער אויך?

### דער אַלטער.

(שטעקט אַריין די האַנד אין קעשענע, נעהמט אַרויס אַ האַלבען דאָלאַר, דערלאַנגט סעמי'ן). ביינאַכט עפּעס די אויגען ביי מיר... (די אַלטע עפענט די טיהר) ס'איז פינסטער אויף די טרעפּ... גיב אַכטונג. (ער נעהמט איהר אָרעם, ווי אַ וואַהרער קאַוואַליער. זיי געהען ביידע אַרויס. מינע קומט אַריין. זי נעהמט צו די קאָרטען מיט'ן „סליוט“, גלייכט אויס דעם טישטוך, צושטעלט די שטולען — אַלץ ניט אָנקוקענדיג איהר מאַן. סעמי געפינט זיך קיין אָרט ניט. ער זעצט זיך און שטעלט זיך. קומט צו נאָהענט צו זיין ווייב, קומט איהר אין וועג, הוסט — ס'בייסט איהם אין האַלז. מינע געהט אַריין אין קיך. ער געהט איהר נאָך. זי קומט צוריק אַריין — ער נאָך איהר).

### מינע.

(שטעכעדיג).

וואָס געהסטו מיר נאָך? אפשר ווילסטו, כ'זאָל דיר אי־בערבעטען?

### סעמי.

(וויל לאַכען, אָבער לאַכט ניט).

יעס, פאַר וואָס ניט?



### מינע.

וועסט דאַרפען וואַרטען אַ רעכטע ווייל. ווייסטאָך, ווי איך בעט דיך אַלע מאָל איבער.

### סעמי.

(נעהמט אַרויס פון קעשענע אַ קליין פּעקעלע).

נאַ, עס אַ גוטע שטיקעל טשאָקאָלאַד. (ער שטעלט זיך איהר אין וועג).

### מינע.

(נעהמט ניט, שטופּט אַוועק זיין האַנד מיט'ן טשאָקאָלאַד).

לאָז מיר געהן, איך דאַרף נאָך צוואַוואַשען די דישעס. (זי שטופּט איהם אַוועק און געהט אַריין אין קיך. סעמי בלייבט שטעהן ווי אַ פער'משפּט'ער, לעגט אַריין ס'פּעקעל טשאָקאָלאַד אין קעשענע. פּויזע. ער געהט צו צום קיך־טיהר).

### סעמי.

(מיטגעבעט).

ווייסטו וואָס, מינעלע, דו'סט וואַשען די דישעס און איכ'ל אויסווישען.... (מינע'ס ענטפער הערט זיך ניט. ווי עס איז אָבער צו זעהן אויף סעמי'ן, איז עס אַ גוטער ענטפער. מיט אַ פּנים פול גליק טהוט ער אויס דעם ראָק און הענגט אויף אויפ'ן רוקען פון אַ שטול, און געהט אַריין אין קיך. פּויזע. ער קומט אַריין פון קיך מיט אַ האַנדטוך אויפ'ן פּלייצע. ער איז מונטער און אויפגע־ראַמט. ער נעהמט אַרויס פון זיין ראָק־קעשענע ס'פּעקעל טשאָקאָלאַד, עפענט עס געהענדיג און געהט אַריין אין קיך).

(פאָרהאַנג).




# פּונקט אין צייט.

## פּערזאָנען:

היימאַן דזשיקאָבסאָן, אַ פּרעסער ביי „טשילדרענס אַרבייט“, 33 יאָהר אַלט.

בעקי, 8 יאָהר.
בעני, 6 יאָהר.
פיינעלע, 4 יאָהר.
דייווי, 15 מאָנאַטען.
} זיינע קינדער.

אַ רעפּאָרמערקע.

אַ מעסענדזשער־באָי.

ביי היימאַן דזשיקאָבסאָן אין קיך. — אַ זעהר אָרימע דירה אויף דער צווייטער סטריט, ביי דער ערשטער עוועניו. פּאָרנאַכט. די אינגערע דריי קינדערלעך, אָבגעריסענע און אויסגעשמירטע, מיט צושויבערטע קעפּלעך, זיצען אויפ'ן נאַקעטען פלאָר און שפּיעלען זיך מיט שטיקלעך פון אַ צייטונג. די עלטסטע, בעקי, אַ דאַרינקע, שוואַר־צינקע מיידעלע, מיט אַן ערנסט פּנים, ווי ביי אַ גרויסען מענשען אין זאָרג, זיצט אויף אַ שטוהל מיט אַ בלעכענע שיסעל אויף די קניע און שיילט פּאָטייטאָס. זי קען נים גוט אַרבייטען: איהר שוים איז נים גרוים גענוג צו האַלטען די שיסעל; גליטשט זיך די שיסעל אַלע ווײַלע אַראָפּ און זי דערכאַפּט עס. ענדליך שטעלט זי זיך אויף און שטעלט אַוועק די שיסעל אויפ'ן שטוהל. זי ענ־דיגט שיילען, וואַשט איבער די פּאָטייטאָס אין סינק און וואַרפט זיי אַריין אין טעפּעל, וועלכער שטעהט אויף אַ ברענענדיגען גאַז־

אויוועלע. דער טאטע קומט אַריין פון דער אַרבייט, מיט־ברענגענדיג אונטער ביידע אָרעמס פּאַפּיערענע פּעקלעך. ער איז אַן אויסגעדאַרט מענשעל, מיט אַ צוכראַשקעט ברוין־בערדעל, מיט אַ ניש'קשה'דיגען הערבעל אויף דער לינקער פּלייצע. ער טראָגט אַ האַרטען שוואַרצען קאַפּעלוש, וועלכער איז אַזש גרוי פון שטויב. ער געהט גלייך צו צום טעפּעל, הויבט אויף ס'דעקעל און קוקט אַריין.

### היימאַן.

(צו בעקי'ן.)

ווען ס'טו צוגעשטעלט?

### בעקי.

פריהער.

### היימאַן.

די פּאַטייטאָס קאָכט זיך שוין לאַנג?

### בעקי.

ניט לאַנג. (ער לעגט אַוועק די פּעקלעך אויפ'ן טיש, טהוט אויס ס'רעקעל, פעררוקט דעם קאַפּעלוש אויפ'ן פּאָטילניצע און פערבינדט אַרום זיך אַ ווייבערשען פאַרטוך.)

### בעני.

געבראַכט קענדי?

### היימאַן.

מ'דאַרף איצט ניט קיין קענדי, מ'עט באַלד עסען סאַפּער. (בעטראַכט בעני'ס פּנים.) וואָס איז ביי איהם בלוי לעבען אַן אויג?

### בעקי.

ר'איז געפאַלען פ'א'טשער.



### היימאַן.

ס'געדאַרפט צולייגען קאַלטען וואַסער.

### בעקי.

כ'אַ צוגעלייגט.

### היימאַן.

נעהם גרייט צום טיש. (ער נעהמט אַרויס אַ שטיק פליישׁ פון פּאַפּיער און וואַרפט אַריין אין טאָפּ; דערנאָך שיט ער אַריין בעבלעך.)

### בעקי.

(קוקט אונצופריעדען אויף זיין אַרבייט.)

די מאַמע ט'אַגעוואַשען פאַר'ן קאָכען.

### היימאַן.

איצט ז'שוין פערפאַלען. זאַלץ ס'טו אריינגעשאַטען?

### בעקי.

נאָך ניט.

### היימאַן.

(שיט אַריין אַ הויפען זאַלץ אין טאָפּ.)

ס'ט'עפּעס געגעבען די קינדער ביי־טאָג? וואָס'טו זיי גע־געבען?

### בעקי.

כ'אַ זיי געגעבען ברויט מיט דזשעלע.

### היימאַן.

נעהם גרייט צום טיש.

### בעקי.

ס'איז נאָך ניט פאַרטיג דער סאַפּער. כ'על זיי געהן אָ'וואַשען די פּייסעס.

היימאַן.

מ׳דאַרף ניט, זיי געהען שוין באַלד שלאָפען ענעוויי. נעהם צושטעל די טעלער אויפ׳ן טיש. ס׳געקויפט אַ פיקעל?

בעקי.

זי׳ט געבעטען צוויי סענט.

היימאַן.

נאַ, לויף אַראָב נאָך אַ פיקעל. האסט נאָך די פענע?

בעקי.

יעס.

היימאַן.

נאַ דיר נאָך אַ פעני. (בעקי נעהמט פון איהם די צוויי סענט, געהט אַרויס. היימאַן זעצט אַוועק די עלטערע צוויי קינדער אויף שטוהלען ביים טיש, נעהמט די בייבי אויף אַן אָרעם. ער קוקט אַריין אין טאָפּ, מישט מיט׳ן גרויסען הילצערנעם לעפעל, פערזוכט אַביסעלע, „הערט זיך אַיין”, אויב ס׳איז גענוג זאַלץ, גיסט צוריק אַריין די איבערגעבליבענע, דעקט צוריק צו ס׳טעפּעל. בעקי קומט אַריין מיט׳ן פיקעל אין אַ שטיקעל ציימונג.) לאָ׳נאַר אַ קוק טהאָן, וואס דו׳ס׳געבראַכט. (זי דערלאַנגט איהם. ער נעהמט פון איהר, וואַרפט אַוועק די שטיקעל ציימונג, בעטראַכט ס׳פיקעל פון אַלע זייטען, מיט אַ קוק פון אַ ספּעציאַליסט.) ס׳ט׳ניט אַזוי גוט גע־טראָפען מיט׳ן פיקעל. וואס איז דאָס פאַר אַ פיקעל? נאָך אַמאָל וועל איך זיך שוין אויף דיר ניט פערלאָזען.

בעקי.

זי׳ט׳ניט געלאָזט קלייבען.

היימאַן.

ביי מיר צי׳שוין לאָזען. שטעל אוים די טעלער. (בעקי נעהמט אַ שטוהל, שטעלט אַוועק ביים כלים־אַלמער, קריכט אַרויף, נעהמט אַראָב אַ טעלער. קריכט אַראָב און שטעלט אַוועק אויפ׳ן



טיש, קריכט צוריק אויפ׳ן שטוהל — אַזוי כסדר, ביז זי שטעלט אוים אַלע טעלער. דערנאָך לעגט זי אוים לעפעל, גאָפּעל, מעסער. עס הערט זיך אַ קלאַפּ אין טיהר.) קאָם אין! (עס קומט אַריין אַן אונבעקאַנטע פרוי פון אַ יאָהר עטליכע און דרייסיג. זי איז פון מיטעלען וואוקס, ניט דיק און ניט דין, מיט אַ בלאַסען אוידעלען פּנים. זי איז אָנגעטהאָן אין אַן איינפאַכען „טוילאָר־מייד” שוואַר־צען סוט. אין האַנד, אויף אַ רימענדעל, האַלט זי אַ לעדערנעם די־נעם פּאָרטפעל, ווי דאָס טראָגען געוועהנליך מיט זיך אָפּיס־לייט, לאָיערס, שרייבער.)

די פרוי.

גוד־איווונינג.

היימאַן.

גוד־איווונינג. (ער געפינט זיך אין אַ פערלעגענהייט: די בייבי אויפ׳ן האַנד, די קאָכלעפעל אין דער אַנדערער האַנד, דער ווייבערשער פאַרטוך... בעקי קוקט אויף דער אונבעקאַנטער מיט רעספּעקט און נייגעריגקייט; די קלענערע קינדער — מיט שרעק.)

די פרוי.

(זעהר ווייך.)

ווי איך פערשטעה, איז אייער פרוי ניטאָ אין דערהיים.

היימאַן.

זי׳ז אין האָספּיטאַל. כ׳האָב איהר נעכטען אוועקגעפיהרט.

די פרוי.

(געריהרט.)

אַזוי... שעהנע קינדערלעך אייערע. ווער גיט אַכטונג אויף זיי?

היימאַן.

דערווייל׳ע זי. (ווייזט אָן אויף בעקי׳ן.) כ׳לאָז איהר ניט ניט געהן אין סקול, ביז מיין ווייב וועט קומען צוריק. (צו

בעקי׳ן) : לאז די לײדי זיך זעצען. (בעקי הויבט זיך אויף, טרעט אָב אָן אַ זײט.)

די פרוי.

טהענקס. (זעצט זיך.) איך בין פון דער „עוועניו סי סיס־טערס סוירקעל“. אונזער אויפגאבע איז צו העלפען און אויפ־קלעהרען. שעהנינקע קינדערלעך אײערע. ווי אַלט איז די עלסטע? (זי נעהמט אַרויס אַ נאָטיץ־ביכעלע און בלײפעדער פון פאָרטפעל.)

הײמאַן.

אכט יאהר.

די פרוי.

(איבערקוקענדיג די קינדער.)

דער נעקסטער? (פערצײכענט אין ביכעלע.)

הײמאַן.

זעקס יאהר.

די פרוי.

און די נעקסטע? (פערצײכענט.)

הײמאַן.

פיער יאהר.

די פרוי.

די בײבי? (פערצײכענט.)

הײמאַן.

א יאהר מיט א פערטעל.

די פרוי.

(מיט אַ פרײנדליכען שמײכעל.)

אַלע צוויי־יעהריגע. אויסער די בײבי. (פערצײכענט.)



הײמאַן.

מײן ווײב איז געווען קראנק. זי׳ט געהאַט אביסעל „אַזמע“, איז זי געווען אַריבער דרײ פערטעל יאָהר בײ א שוועסטער איהרע אין „קאַנעדיקע“ פ׳א „טשיקען פאַם“.

די פרוי.

(נאָכדענקענד.)

אַזוי... ווי לאַנג זײנט איהר פערהײראַט?

הײמאַן.

ס׳עט ווערען נײן יאָהר.

די פרוי.

אזוי! (פערצײכענט.) אונזער סאָסײעטי האָט די אויפגאַבע צו ערקלעהרען די עלטערען פון דער נײבאָרהוד, וועגען די ער־ציהונג פון זײערע קינדער. אונזערע סטאַטיסטישע אונטער־זוכונגען האָבען בעוויזען, אַז די עלטערען וואָס האָבען ווענינער קינדער, גיבען די קינדער א בעסערע אויפפאַסונג און ערציהונג ווי די, וואָס האָבען א סך קינדער. די „עוועניו סי סיסטערס סוירקעל“ האָט זיך דאַרום געשטעלט אַלס איהר פליכט בעקאַנט צו מאַכען דעם פאַקט אין אונזער נײבאָרהוד.

הײמאַן.

מיר דוכט, כ׳האָ׳ געלײענט אַנומעלט אין פײפּער פון די זאַכען. ווי רופט מען דאָס אַנ׳עט מיט אַזאַ מאָדנעם נאָמען?

די פרוי.

„בוירטה קאָנטראָל“. דאָס מײנט: די עלטערען זאָלען קאָנטראָלירען די געבורט פון זײערע קינדער. מענשען זאָלען האָבען אַזוי פיעל קינדער, וויפיעל זײ זײנען אימשטאַנד גוט אויפצופּאַסען און געבען א גוטע ערציהונג.

הײמאַן.

כ׳דערמאָן זיך איצט.

### די פרוי.

ס'איז בעוויזען געווארען מיט סטאטיסטיק, אז די רייכע לייטע האבען וועניגער קינדער פון די ארימע, און דאס דארף ניט אזוי זיין. א סך קינדער ביי ארימע עלטערען זיינען א לאסט אויף די עלטערען און אויף זיך אליין.

### היימאן.

(אזוי ווי ער וואלט זיך פערענטפערען.)

אלע קינדער זיינען ביי מיר טהייער.

### די פרוי.

(זעהר עדעל.)

אה, געוויס. זעהר שעהנע קינדער אייערע. איך רייד אין אלגעמיין. איהר קענט דאך ניט בעשטרייטען, אז פינף קינדער קענען ניט געשפייזט ווערען פאר דיזעלביגע ביסעל געלד, ווי צוויי קינדער.

### היימאן.

(פערענטפערט זיך.)

מיינע קינדער פעהלט גארניט.

### די פרוי.

(ווייך.)

ענטשולדיגט. איך רייד ניט וועגען אייערע קינדער. איך רייד אין אלגעמיין וועגען ארימע מענשען. איין קינד אדער צוויי קען קריגען א פיעל בעסערע ערציהונג ביי ארימע על־טערען, ווי פינף אדער זעקס. איך בין ניט קיין רייכע פרוי. איך בין פערהייראט שוין באלד צוועלף יאהר און איך האב איין זוהן. ווען איך וואלט געהאט עטליכע קינדער, ווי וואלט איך זיי אלע געקענט בילדען און געבען זיי א גוטע ערציהונג? מיין איין זוהן וועל איך קענען מאכען פאר א דאקטאר, אדער צו וואס ער וועט זיין פעהיג. אזוי דארפען טהאן אלע ניט רייכע עלטערען.



### היימאן.

אז ס'וועט זיין באשערט, וועלען מיינע קינדער זיין דאק־טוירים. (עס הערט זיך א קלאפ אין טיהר.) קאם אין! (עס קומט אריין א מעסענדזשער־באי, מיט א געלען קאנווערט אין האנד.)

### מעסענדזשער באי.

אייטש דזשייקאבסאן?

### היימאן.

יעס. (דער באי דערלאנגט איהם דעם קאנווערט און בלייבט ווארטען אויף א ניקעל א „טיפ". היימאן רייסט אויף דעם קאנ־ווערט): ס'מוז זיין פון האספיטאל, כ'אב איבערגעלאזט א קוואדער אויף א טעלעגראמע. (ער קוקט אויפ'ן געלען פאפיערעל.) אויב איהר ווילט אזוי גוט זיין...

### די פרוי.

(פערשטעהט אז ער קען ניט לעזען):

געוויס. (זי קוקט אריין.) אזוי... וועגען ד ע ם איז אייער פרוי אין האספיטאל... זי האט געהאט א צווילינג, א באי מיט א מיידעל. (זי שטעלט זיך אויף.)

### היימאן.

(מיט א ליכטיגען פנים.)

אוי, גאט צו דאנקען! וואס מאכצי?

### די פרוי.

(ביים טיהר.)

זי איז מסתמא אלרייט. (זי געהט ארויס אהן א גוד־באי. דער מעסענדזשער־באי, איינזעהענדיג, אז זיין ווארטען איז אומ־זיסט, געהט אויך ארויס, מיט ניט קיין פרעהליכערען הארצען פון דער ליידי. דער טאטע און די קינדער ווערען פרייער און פרעה־ליכער.)

## היימאן.

(אַ צופלאַמטער.)

בעקי, די מאַמע האָט געהאַט אַ באַי מיט אַ מיידעל! מיר'ן האָבען אַ ברית מיט אַ מזל־טוב! (ער שלעפּט אַרויס פון אונטער'ן וואַש־טאָב אַ געפלאָכטענע פלאַש.) כ'האָב אין גאַנצען אָנגעגרייט אַ האַלבען גאַלאָן, כ'ל'מוזען צוקויפען. דערווייל מעג איך נעהמען אַ ביסעלע. בעקי, דערלאַנג מיר אַ גלעזעל! (בעקי שטעלט זיך אויף אַ שטוהל ביים אַלמער, דערלאַנגט איהם אַ גלעזעל. גיסט אָן.) בעקי, טהו אַ קוק אין טאָפּ. נאָך סאַפּער וועלען מיר זיךביידע שטעלען אויסוואַשען די וועש. (ער טרינקט.)

(פאָרהאַנג.)

# אַ מאַן אַ „חכם“

# אַ מאַן אַ „חכם“.

## פּערזאָנען:

מאַקס, אַ בלאָנדער, גוט־אויסגעפּילטער יונגערמאַן, מיט גראָבע ליפּען, וואָס זיינען שטענדיג אַ ביסעל אָפּען. איבער דרייסיג יאָהר אַלט. אַ סיילסמען פון „נעקווער“.

בערטהאַ, זיין פרוי, אַ ברונעטע, דינע ווייבעל, מיט אַ קליין פּנימ׳ל און גרויסע אויגען. קנאַפּע דרייסיג יאָהר אַלט.

נאָך אַכט אַזייגער אין אָבענד. דער טיש איז געגרייט צום סאַפּער. אַ באַלעבאַטיש צוגעקליבענער צימער. דער מאַן האָט זיך היינט עטוואָס פערשפּעטיגט, טהוט בערטהאַ דערווייל עפּעס אַן אַרבייט: זי שטעלט איבער די כלים אין אַלמער, ווישט אויס דעם ברויטבאַקס, שיט אָן זאַלץ אין זאַלצמעסטעל, פּעפער אין פּעפערמעסטעל, גיט אַכטונג אויף די טעפּלעך אויפ׳ן אויווען. מאַקס קומט אַריין. ער איז מונטער און אויפגעלעגט, מיט אַ טשעמאָדאַנטשיק אין האַנד.

### מאַקס.

וואַרטסט שוין, האַ? פערשפּעטיגט, כ׳האָב ניט געקענט העלפען. נאַ דיר, (ער עפענט דעם טשעמאָדאַנטשיק) דאָס האָב איך דיר געבראַכט פאַר דיין וואַרטען. (ער דערלאַנגט איהר אַ לאַנגליבען פּאַפּירענעם פּעקעל).

**בערטהא.**

(וויקעלט אויף, דערזעהט א באקס קענדי, בעטראכט עס).

פארק און טילפארד; וויפיעל האסטו שוין דערפאר בע־צאהלט?

**מאקס.**

(טהוט אויס הוט און ראק).

א דאגה דיינע. כ׳האב דיר געבראכט נאך עפעס, כ׳וועל דיר ווייזען נאך סאפער. אייבי שלאפט שוין?

**בערטהא.**

כ׳האב איהם געלעגט שלאפען. ס׳האט זיך דאך שוין אנ־געהויבען סקול. אויף וואס האסטו שוין ווידער געספענדעט?

**מאקס.**

וועסט זעהר נאך סאפער.

**בערטהא.**

לאז מיר א קוק טהאן.

**מאקס.**

כ׳האב דיר געזאגט נאך סאפער. וועסט דאך שוין מסתמא ניט לאזען צורוה. (ער נעהמט ארויס פון בוזעם־קעשענע פון זיין ראק א קליין קעסטעלע, עפענט און נעהמט ארויס א דאמען־זייגערעל מיט א דימענטעל וואס מען טהוט אן אויפ׳ן האנד).

**בערטהא.**

וואס עפעס אין מיטען דערינען נאך א וואטש? כ׳האב דאך א וואטש. נעקסטע וואך איז רענט. ס׳איז סאליד גאלד?

**מאקס.**

געפלייטעט, אבער ס׳איז די לייטעסט סטייל. כ׳האב גע־זעהן אין א ווינדאו פון א דזשולערי סטאר אויף דער דריי און צוואנציגסטער סטריט, האב איך זיך ניט געקענט איינהאלטען און דאס געמוזט פאר דיר קויפען.



**בערטהא.**

(קוקט איהם שטארק אן).

א באקס קענדי מיט א וואטש? וואס איז עפעס דער מעהר מיט אמאל? זעהסט זיך אן ווענינ וואטשעס אלע טאג אין די ווינדאוס?

**מאקס.**

כ׳האב דאך דיר געזאגט, ס׳איז די לייטעסט סטייל, האב איך זיך ניט געקענט איינהאלטען.

**בערטהא.**

קום אהער, זעץ זיך אוועק ביים טיש. וואס האסטו זיך דארט פערשטעקט אין א ווינקעל? (ער זעצט זיך. זיין מונטערקייט איז דערווייל אראבגעשלאגען געווארען. בערטהא קוקט איהם אין די אויגען אריין): ביזט עפעס היינט געוועזן ביזי דעם גאנצען טאג?

**מאקס.**

יעס, געוועזן ביזי.

**בערטהא.**

פערקויפט א סך נעקטיים?

**מאקס.**

א רעכט ביסעל.

**בערטהא.**

און וואס נאך האסטו געטהאן היינט?

**מאקס.**

וואס זאל איך טהאן? גארנישט.

**בערטהא.**

איך מיין, וואו ביזטו געוועזן, ווי אזוי האסטו פערבראכט?

מאַקס.

ווי אַלע טאָג.

בערטהאַ.

וואָס ווי אַלע טאָג?

מאַקס.

גאָרניט.

בערטהאַ.

וואָס הייסט גאָרניט?

מאַקס.

גאָרניט.

בערטהאַ.

גאָרניט?

מאַקס.

יעס.

בערטהאַ.

איך פאַרשטעה דאָס ניט.

מאַקס.

וואָס איז דאָ ניט צו פאַרשטעהן?

בערטהאַ.

מיר דוכט זיך, אַז איך פאַרשטעה עפּעס יאָ. וויפיעל אַזיי־נער ביזטו היינט אַרוים פון הויז מיט די סעמפּעלס?

מאַקס.

ס'איז געוועזן פאַר ניין אַזייגער.

בערטהאַ.

אויף וואָס'ער סטיישאַן ביזטו אַראָפּ?



מאַקס.

הונדערט ניין און פערציג.

בערטהאַ.

ביזט געפאָהרען „סטרייט" אין די בראָנקס?

מאַקס.

וואו דען בין איך געפאָהרען?

בערטהאַ.

פרעגסט מ י ר? וואָס האָסטו געטהאָן?

מאַקס.

כ'בין אריין אין אַ סטאָר צו אַ קאָסטאָמער.

בערטהאַ.

ווי הייסט די סטאָר? וואָס'ער סטאָר איז דאָס געוועזן?

מאַקס.

(שטאַמעלט אונטער.)

די סטאָר רופט זיך אָן מיט אַ נאָמען דזשאָנסאָן.

בערטהאַ.

דזשאָנסאָן? האָסט מיר גאָר קיינמאָל ניט דערצעהלט פון דיינעם אַ קאָסטאָמער מיט אַזאַ נאָמען.

מאַקס.

אַ נייער קאָסטאָמער.

בערטהאַ.

האָסט איהם פערקויפט אַ סך נעקטייס?

מאַקס.

אַ רעכט ביסעל.

בערטהאַ.

וויפיעל בעטרעפט דער אָרדער?

מאקס.

ס'כאפט ארום פערציג טאלער. כ'געדענק שוין ניט.

בערטהא.

אלע מאל געדענקסטו קלאר אלע סיילס. פאר וואס גע־דענקסטו היינט עפעס ניט?

מאקס.

כ'האב פארגעסען.

בערטהא.

זאל זיין אזוי. אז דו ביזט ארוים פון דזשאנסאנ'ען, וואו ביזטו אוועק?

מאקס.

כ'בין אוועק אין סטארס צו קאסטאמערס.

בערטהא.

אין די בראנקס?

מאקס.

יעס, געוויס אין די בראנקס.

בערטהא.

דעם גאנצען טאג אין די בראנקס?

מאקס.

שור, וואו דען?

בערטהא.

ביז איצט?

מאקס.

שור, איך קום איצט פון דארטען.

בערטהא.

טא ווי אזוי האסטו געקענט דערזעהן די וואטש אין א ווינ־דאו אין די דריי און צוואנציגסטע סטריט?



מאקס.

(צודרומשקעט.)

כ'האב געזעהן פארבייגעהענדיג.

בערטהא.

פארבייגעהענדיג אין די בראנקס האסטו דערזעהן די וואטש אין א דזשועלערי־סטאר אין די דריי און צוואנציגסטע סטריט? ביזט דאך א רעגעלער קונצענמאכער.

מאקס.

(נאך מעהר צודרומשקעט).

כ'מיין נעכטען.

בערטהא.

אה, דו האסט די וואטש געקויפט נעכטען, און דו האסט מיר גארניט דערצעהלט דערפון. וואו האסטו געהאלטען די וואטש ביז היינט?

מאקס.

(שוין אביסעל פריער.)

אין פאקעט.

בערטהא.

אין פאקעט? דו מוזט מאכען א מיסטייק. נעכטען ביי נאכט האב איך ניט געפונען קיין וואטש ביי דיר אין פאקעט.

מאקס.

כ'האב געהאלטען אין דעם אנדער פאקעט, אין די הויזען.

בערטהא.

כ'זאג דיר, אז דו האסט א מיסטייק. אין דיינע הויזען־פאקעטס האב איך ניט געפונען קיין וואטש.

מאקס.

איך זאג דיר, ס'איז יא געווען.

בערטהא,

וואס ווילסטו מיר איינריידען? כ'ווייס ניט וואס ביי דיר אין די פאקעטס טהוט זיך אלע נאכט?

מאקס.

(ווייס ניט וואס צו זאגען).

אל־רייט, האב איך געמאכט א מיסטייק.

בערטהא.

דו האסט היינט געמאכט נאך א מיסטייק. דוכט זיך מיר אב: מיט דזשאנסאנ'ען און מיט די גאנצע בראנקס.

מאקס.

ווי אזוי?

בערטהא.

מוזט מאכען א מיסטייק, אז דו ביזט געוועזן דעם גאנצען טאג אין די בראנקס.

מאקס.

וואו דען בין איך געוועזן? לאמיר עסען סאפער און א סוף!

בערטהא.

מיר'ן נאך עסען סאפער אויך. דערווייל לאמיר סעטלען וועגען די וואטש מיט די בראנקס.

מאקס.

וואס איז דא צו סעטלען? כ'האב דאך שוין געקויפט און פערפאלען. לאמיר עסען סאפער.

בערטהא.

וואס ביזטו מיט אמאל געווארען אזוי הונגעריג. האסט גאר היינט קיין דינער ניט געגעסען? וואו האסטו געגעסען דינער? אויך אין די בראנקס?



מאקס.

וואו דען האב איך געגעסען? שור, אין בראנקס, אין טשיילדס, וואו מ'נעהמט זיך אלצדינג אליין און מ'עסט אויף א טשער.

בערטהא,

האסט שוין אנגעמאכט נייע מיסטייקס. אין די בראנקס איז ניטא קיין טשיילדס און ביי טשיילדס נעהמט מען זיך ניט אליין און מ'עסט ניט אויף א טשער.

מאקס.

מיר דוכט זיך, אז ס'איז געוועזן שור אין טשיילדס.

בערטהא,

ס'דוכט זיך דיר טאקע. דערמאן זיך אקארשט, וואו דו האסט היינט געגעסען דינער... (זי שטעכט איהם דורך מיט איהרע אויגען. ער קען ניט פערטראגען איהר קוק און לאזט אראב דעם קאפ. פויזע). נו, האסט זיך שוין דערמאנט?

מאקס.

(מיט געמאכטען קוראזש).

וואס מאכט דיר אוים? וואס ווילסטו היינט האבען?

בערטהא.

(רעדט מיט וועהטאג).

דו האסט היינט געגעסען דינער ביי דער שווארצער אידי־אטקע... זי איז שוין דא פון דער קאונטרי, האסטו זיך דארטען ביי איהר ארומגעוואלגערט היינט דעם גאנצען טאג.

מאקס.

(אויפגעציטערט פון שרעק).

ווער איז געוועזן ביי איהר? הער אויף!

בערטהא.

באקסעס קענדי מיט וואטשקעס ברענגט ער מיר אין מי־

טען מיטוואָך!... ווי כ׳האָב דאָס דערזעהן, האָב איך שוין פערשטאַנען, אַז דער קלאָג איז פאַרטיג... איהר מעגט ביידע די כפּרה ווערען, דו מיט איהר און זי מיט דיר — — וואָס דאַרפסטו נאָך קומען אויפרייסען מיר די אויגען? אַ מאַן זאָל זיין אַזאַ׳ן אָקס, אַ פערד, אַ בהמה! דאָס קרענקט מיך מעהר פון אַלץ... כ׳וואָלט אַנטלאָפען, אַז כ׳וואָלט געהאַט וואו צו געהן מיט׳ן קינד...

מאַקס.

(וויל ריידען).

ע־ע־ע־ע...

בערטהאַ.

ווילסט זיך שוין נעהמען שווערען מסתמא, אַז דו׳סט מעהר צו איהר ניט געהן — וועל איך דיר גלויבען, ווי כ׳גלויב דיר אַלע מאָל. ווי קען מען גלויבען אַזאַ אָקס, אַ פערד, אַ בהמה — אַזוי ווי אַ הונט בילט. (שטעלט זיך אויף) זאָלסט זיך ניט דערוועגען אַריינקומען צו מיר, זאָג איך דיר! (זי געהט אַריין אין פראָנט־רום. ער בלייבט זיצען דערשראָקען און דערשלאָגען! פּויזע. דערנאָך הויבט ער זיך אויף, געהט צו צום פראָנט־רום־טיר, וואַגט ניט אַריינצוגעהן).

מאַקס.

בערטעלע... איך פראמים דיר... איך שווער... זאָל איך ניט דערלעבען צו זעהן אייבי׳ן... זאָל איך ניט זעהן אויף מיינע אויגען... איכ׳ל צו איהר מעהר ניט — — —

(פאָרהאַנג).

# פּאָעזיע און פּראָזע

# פּאָעזיע און פּראָזע

## פּערזאָנען:

גרובין, אַ פּאָעט, 22 יאָהר אַלט.
אננאַ, אַ ווייבעל, 28 יאָהר אַלט.

גרובין׳ס רום אויף איסט בראָדוויי. די געוועהנליכע „סעפּרעט־רום" אין אַ טענעמענט הויז אויף דער איסט־סייד. אַן אייזערנע בעטעל, אַ שטוהל, אַ קליין טישעל, אָנגעוואָרפען מיט צייטונגען און ביכלעך. דער צימער איז גאַנץ קליין. מען קען דאָרט זיצען, ליעגען, נאָר טאָמער וויל מען אָפּצעהלען דריי טריט, איז ניטאָ וואו.

ווען דער פאָרהאַנג הויבט זיך אויף, איז די ביהנע ליידיג. עס הערט זיך אַ שוואַכער קלאַפּען אויף יענער זייט טיהר. פּויזע. וויערט אַ קלאַפּען. פּויזע. די הענטעל פון טיהר בעוועגט זיך. די טיהר עפענט זיך. אננאַ קומט אַריין.

אַננאַ איז אַ שוואַרץ־חנ׳עווריג ווייבעל, אָנגעטהאָן גאַנץ זומערדיג, אין אַ ווייסען זומער־אַנצוג, אַ ברייטע, ווייסע שטרויענע הוט. זי ברענגט מיט זיך אַ פּאָר פּאַפּיערענע זעקלעך (בעגס) צוזאַמען מיט איהר לעדערנעם האַנד־ביימעל. זי לעגט אַוועק די דאָזיגע זאַכען אויפ׳ן טישעל. זי זעצט זיך, נעהמט אַ ביכעל פון טיש, עפענט, קוקט אַריין. פּויזע אַ פּאָר מינוט.

### גרובין.

(קומט האַסטיג אַריין. ער איז אַ שעהן בחור׳ל, אַ קאָפּ געדיכטע, בלאָנדע, ניט פערקאַמטע האָר, אויף וועלכע עס

זיצט א געקעסטעלטע היטעלע. א ליולקע אין מויל. עס איז א הייסער אבענד, געהט ער אהן א קאלנער און האלז־טוך. א שטעקעל אין האנד. פון בײדע קעשענעס פון זײן רעקעל סטארטשען ארויס צייטונגען, זשורנא־לען, פאפיערען).

דו זיצט שוין לאנג?

## אננא.

איך בין געקומען פונקט צום מינוט. ווי אזוי געהסטו דאס אוועק און לאזט אפען די טיהר?

## גרובין.

כ'בין ארויס אויף א מינוט. (ער טהוט אויס ס'רעקעל און היטעל און טהוט עס א שמיץ אויפ'ן בעטעל; ער טהוט א קוק אין שפיגעלע אויפ'ן וואנד און פאהרט דורך מיט א האנד צושפרייטע פינגער דורך זײנע האר אויף ארויף, ווי מיט א קאם). כ'האב דא פריהער אנגעשריבען א זאך, האב איך געמוזט ארבלויפען אין רעסטאראנט פארלעזען פאר א פאר חברים. (ער זעצט זיך אויפ'ן רעקעל און היטעל).

## אננא.

אימיצער האט דאך געקענט אהער אריינקומען און אלץ ארויסטראגען פון דאנען?!

## גרובין.

וואס קען מען דא ביי מיר נעהמען? מיינע אלע געדרוקטע און געשריבענע זאכען טראג איך דאך ארום מיט זיך, כ'לאז עס קיינמאל ניט איבער אליין אין רום. וואס איז דאס? (ער נעהמט א „פייפער־בעג" פון טישעל, נעהמט ארויס אן עפעל און טהוט א ביס מיט גרויס אפעטיט) און וואס איז דארטען? (ער נעהמט ארויס פון צווייטען „בעג" א שטיינגעל ווייגטרויבען) האסטו טאקע גוט געטהאן וואס דו האסט עס געבראכט. (ער עסט שנעל אויף דעם עפעל, פערשלינגט די ווייגטרויבען. דערנאך



ציהט ער זיך אויס אויף זײן רעקעל און היטעל. ער נעהמט אן אננא'ס האנד). זעץ זיך דא אויפ'ן בעטעל לעבען מיר. (זי זעצט זיך). האסט שטארק געבענקט נאך מיר, מיין אננא?

## אננא.

(צערטליך).

יא. (זי שטעקט אריין א האנד פינגערס אין זײנע געדיכטע האר.)

## גרובין.

(טהוט א קוש אננא'ס צווייטע האנד. ער נעהמט ריידען פאעטיש. פערטראכט.)

נעהם מיך ארום מיט דיינע מלאך־פליגעלען און זאל מיין פלאטערענדע נשמה ווערען ארומגעוועבט מיט א נעץ פון צי־טעריגען גענוס. (ער נעהמט איהרע בײדע הענד און פערדעקט מיט זיי זײן פנים.)

## אננא.

(בעט.)

לעז מיר פאר די זאך, וואס דו האסט היינט געשאפען.

## גרובין.

(פייערליך.)

ניין, ניט איצט! די שעהנסטע שטיק דיכט־קונסט, דער ערהאבענסטער בוקעט פאעזיע וועט אויסזעהן קליין און ניש־טיג און הבל'דיג געגען דיר. געגען דיין צערער־געשטאלט, גע־גען דיינע אויגען צוויי, וואס זעהען אויס ווי צוויי מלאכים־עופה'לעך, ארויסקוקענדיג דורך גאלדענע צוויי שויבען פון א סוכה, געפלאכטען פון רעגענבויגען. בעדעק מיך מיט דעם סכך פון דער צויבערליכער סוכה... (ער נעהמט זיך צו איהרע האר.) בעהעפט זיך נעהענטער צו מיר און בעדעק מיך מיט דעם סכך פון זייד!... (אננא'ס האר לאזען זיך אראב; גרובין קושט היים די ברעגען.)

אננאַ.

(נעהמט אַוועק די האָר פון זיינע הענד).

ניין, ניט איצט. (זי זעצט זיך צוריק אויפ'ן שטוהל.)

גרובין.

(דעקלאַמאַטאָריש.)

און וואָרום האָסטו זיך דערווייטערט פון מיר?

אננאַ.

דאָס איז נור אויף אַ קורצע ווײַלע. מיר וועלען פריהער אביסעל ריידען.

גרובין.

זיי אַזוי גוט, דערלאַנג מיר די ליולקע פון טישעל. (זי דער־לאַנגט איהם.) דערלאַנג מיר, זיי אַזוי גוט, אַ שטיקעל פאַפּיער און דעם פענסיל פון טיש. (אַננאַ זוכט אויפ'ן טישעל, געפינט פאַפּיער און פענסיל.)

אננאַ.

מיר ריידען דאָך איצט, צו וואָס דאַרפסטו דאָס?

גרובין.

ס'טאָר ניט פערגעסען ווערען... ווי האָב איך געזאָגט... צוויי גאָלדענע שויבען... פון אַ סוכה פון רעגענבויגען... זיי אַזוי גוט, נעהם אַרויס פון מיין רעקעל דעם טאַבאַק... וואַרט, וואַרט... כ'האָב גאָר פערגעסען... אויסגעגאַנגען ביי מיר דער טאַבאַק... כ'האָב גאָרניט קיין טאַבאַק... כ'וועל מוזען אַראָב־געהן קויפען, אָהן טאַבאַק וועל איך דאָ ניט קענען זיין... (ער קריכט אַראָב פון בעטעל, טהוט אָן ס'רעקעל און היטעל, נעהמט דעם שטעקען אונטער'ן אָרעם, טרייסעלט דורך אַלע קעשענעס און בלייבט שטעהן אומעטיג. אננא פערשטעהט, אַז ער האָט קיין געלד ניט. זי עפענט איהר האַנד־בייטעל, דערלאַנגט איהם אַ פאַפּיערענעם דאָלאַר.)



גרובין.

(נעהמט דעם דאָלאַר.)

וואָס גיסטו מיר ווידער אַ טאָלער? אַ ניקעל וועט זיין גענוג.

אננאַ.

האַלט דעם טאָלער, האָסט דען געלד?

גרובין.

כ'דאַרף קריגען אין רעדאַקציע.

אננאַ.

ביז דו וועסט ק ר י ג ע ן.... געה און קיים גלייך צוריק, פער־געה ניט איצט אין רעסטאָראַנט. שטעל אַוועק דעם שטעקען. געהסט דאָך אַראָב אויף אַ מינוט. (גרובין טהוט אַ וואָרף ס'שטע־קעל, געהט האַסטיג אַרויס. אַננאַ קוקט אַריין אין ביכעל. (פויזע).

גרובין.

(קומט אַריין פערסאָפּעט, מיט'ן ליולקע אין מויל, טהוט אויס דעם רעקעל און היטעל און זעצט זיך אויפ'ן בע־טעל.)

איך בין געלאָפען. (ער ציהט זיך אויס.) דערצעהל, נו, וואָס האָסטו צו זאָגען?

אננאַ.

(ערנסט, האַלב אומעטיג.)

איך האָב געהאַט אַ לאַנגען געשפּרעך מיט מיין מאַן, מיט מאַיער'ן... איך האָב איהם אַלץ אויסגעזאָגט.

גרובין.

(זעצט זיך האַסטיג אויף.)

וואָס האָסטו איהם אויסגעזאָגט?

אננא.

(אין זעלביגען טאָן.)

איך האָב איהם דערצעהלט אַלץ, וואָס ביי אונז קומט פאָר.

גרובין.

(דערצאָרענט.)

ווער האָט דיר געהייסען? פאַרוואָס האָסטו זיך פריהער ניט דורכגערעדט מיט מיר וועגען דעם?

אננא.

(ענטוישט מיט וועהטאָג.)

אַזוי נעהמסטו דאָס אויף אַזאַ וויכטיגע נייעס? און איך האָב געמיינט, דו וועסט זיין גליקליך דאָס צו הערען... (קורצע פויזע.) ס'איז דאָך שוין פערפאַלען...

גרובין.

(ברוגז.)

וואָס האָסטו איהם דערצעהלט?

אננא.

(צערטליך; זאַנפט.)

איך האָב איהם דערצעהלט דעם גאַנצען אמת... איך האָב איהם אויסגעזאָגט, אַז איך האָב דיך ליעב... איך האָב פון איהם גאָרניט בעהאַלטען... און איך האָב איהם געזאָגט, אַז איך קען ווייטער אַזוי ניט לעבען... איך מוז זיך אין גאַנצען איבערגעבען צו דיר... איך מוז איהם פערלאָזען... איך מוז געהן מיט דיר, שטענדיג זיין מיט דיר...

גרובין.

(מונטערער, מיט אַ שטיקעל נצחון.)

און ווי האָט ער זיך געהאַלטען? געווען ווילד, האַ? אויסגעבראָכען אין אַ שטורם?



אננא.

גאָר! איך וואָלט דאָס קיינמאָל אויף איהם ניט געגלויבט. ער איז געווען קאַלט און ער האָט געלאַכט.

גרובין.

(קוקט אָן אננאַ'ן.)

ער האָט געלאַכט? פון וועמען האָט ער געלאַכט?

אננא.

ער האָט געלאַכט פון מיר און פון דיר אויך.

גרובין.

(כמעט מיט אַן אויסגעשריי.)

פון מיר האָט ער געלאַכט?

אננא.

פון דיר האָט ער געלאַכט אַ ביסעל. דערהויפּט האָט ער געלאַכט פון מיר.

גרובין.

(מאָהנט שטרענג.)

פאַרוואָס האָט ער געלאַכט?!

אננא.

(אַזוי ווי זיך פערענטפערענדיג.)

דו קענסט דאָך מאַיער'ן מיט זיינע ווערטלעך — — אַז ער האָט מיך אויסגעהערט ווער מיין געליעבטער איז און אַז איך וויל איהם פערלאָזען און אַוועקגעהן מיט דיר, האָט ער געלאַכט פון מיר, וואָס מיין געליעבטער וועגט הונדערט מיט דריי פונט און פערדיענט אַ קוואָרטער אַ וואָך; און ער האָט געזעהן אַן דיר נקמה, וואָס אַז דו וועסט האָבען אַ ווייב, וועסטו שוין מוזען זעהן פערדיענען דרייסיג סענט אַ וואָך און וועסט קיין ניין־און־ניינציג פונט אויך ניט וועגען.

גרובין.

(אַן אַנגעצונדענער.)

ער האָט געלאַכט פון מיר? (ער שטעלט זיך אויף און וויל שפרייזען איבער'ן צימער, נאָר אַזוי ווי מעהר ווי איין טראָט איז ניטאָ וואו צו מאַכען, זעצט ער זיך צוריק.) ע ר האָט געלאַכט פון מ י ר! ע ר! און וואָס ה אָ ס ט ו געזאָגט?

אַננאַ.

(מיט אַן אַראָבגעלאָזטען קאָפּ.)

איך האָב איהם געזאָגט וואָס איך פיהל.

גרובין.

אָבער וואָס האָסטו איהם ג ע ז אָ ג ט? ו ו אָ ס?

אַננאַ.

איך האָב איהם געזאָגט, אַז איך ליעב דיין נשמה, די צאַרט־קייט פון דיין זעעלע.

גרובין.

(אַלץ אין כעס.)

און וואָס האָט ער אויף דעם געזאָגט?

אַננאַ.

(פערענטפערט זיך.)

ער האָט געלאַכט דערפון און ער האָט געזאָגט, אַז ער האָט זיך אין מיר גענאַרט. ער האָט געמיינט, אַז איך בין אַ קלוגע, און צום סוף איז גאָר ביי מיר רעכט אַוועקצואוואַרפען אַ גאַנץ וואוילען מאַן מיט איבער פערציג דאָלאַר אַ וואָך סטעדי, מיט פיער רומס מיט אַלע אימפּרואוומענטס, סטים היט און הייסע וואַסער און שאָוער בעטה, און אַוועקגעהן ליעבען אַ נשמה מיט די צאַרטקייט פון אַ ז ע ־ ל ע ל ע.



גרובין.

(שפּרינגט ווידער אויף.)

ז ע ־ ל ע ל ע האָט ער געזאָגט! (ער מאַכט ווידער איין שפּרייז און זעצט זיך צוריק.)

אַננאַ.

(פערענטפערט זיך.)

קענסטאָך איהם מיט זיינע ווערטלאַך.

גרובין.

(שטרענג.)

און וואָס האָסטו איהם געזאָגט?

אַננאַ.

(צאַרט.)

איך האָב איהם געזאָגט, אַז איך פיהל, אַז זיין געלד איז מיר טריף, איך טאָר זיך צו דעם ניט צוריהרען, און אין די פיער רומס איז מיר ענג.

גרובין.

(געלאַסענער.)

און וואָס נ אָ ך האָסטו איהם געזאָגט??

אַננאַ.

(אין זעלבען טאָן.)

איך האָב איהם געזאָגט און איהם ערקלעהרט, אַז איך קען ניט און וויל ניט זיין מעהר מיט איהם. איך געה צו דיר און גיב זיך אין גאַנצען אָב דיר. איך וויל זיין עהרליך צו איהם, צו דיר און צו זיך אַליין.

גרובין.

(מוטהלאָז.)

וואָס איז געבליבען?

**אננאַ.**

ס'איז געבליבען, מיר שיידען זיך. ער לאָזט מיר האָבען מיין אייגענעם ווילען.

**גרובין.**

(אונגעדולדיג.)

אָבער וואָס איז געוועזן דער סוף?

**אננאַ.**

ער האָט בלויז פון מיר פערלאַנגט, איך זאָל איהם געבען א צעהן טעג „נאָטים" — ער וויל טרייען, אפשר וועט ער דורך די עטליכע טעג זיך אויך קענען פערליעבען אין א נשמה מיט אַ זע־לעלע, וועט ער קענען אנהאַלטען די רומס. ער וויל ניט אַוועקשענקען אין אַ סעקאַנד־הענד סטאָר פיער רומס נאָך כמעט נייע פוירניטשור; היינט די וויקטראָלאַ איז נאָך אין גאַנצען אַ נייע, ערשט ניט לאַנג צוריק בעצאָהלט הונדערט מיט פינף טאָלער קעש, מיט אַזוי פיעל רעקאָרדס פון די גרעסטע סטאַרס, פון טעטראַזיני און גאַלי קוירטשי און טיטא רופא — וואָס קען ער איצט דערפאַר קריגען?

**גרובין.**

(אונגעדולדיג, שרייט.)

דאָס וויל איך ניט הערען! איך וויל וויסען, וואָס ביי אייך איז בעשלאָסען געוואָרען.

**אננאַ.**

איך האָב מעהר ניט געקענט הערען זיינע וויצען און בין אַוועק פון הויז. מיין לעצטער וואָרט צו איהם איז געוועזן, אַז ביי אונז איז אויס, איך וועל מיט איהם מעהר ניט זיין, איך נעה צו דיר. (גרובין לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ, פערטראַכט זיך. קורצע פויזע.) וואָס ביזטו אַזוי פערזאָרגט? (זי לאָזט אַריין אַ האַנד פינגערס אין זיינע האָר. גרובין שטופּט אַוועק איהר האַנד).



**גרובין.**

(ברוגז.)

האָסט געטהאָן ניט גוט. מיר געפעהלט עס ניט.

**אננאַ.**

(בעט.)

עס האָט דאָך געמוזט קומען דערצו... מיר האָבען דאָך אַלע מאָל געטרוימט פון דער צייט, ווען מיר וועלען זיין אין גאַנצען איינע פאַר די אַנדערע... און איצט געפעהלט עס דיר ניט. און דו ביזט אומעטיג... פאַר וואָס?...

**גרובין.**

(פערצווייפעלט.)

דו האָסט זיך אַזוי גוט געלעבט... וואָס וועט זיין איצט?...

**אננאַ.**

(מיט געבעט, צערטליך).

ניין... איך האָב ניט געלעבט... דו זאָלסט אַזוי ריידען... דו ווייסט דאָך מיינע געפיהלען... מיט דיר וועל איך גאַרנישט דאַרפען... ד ו וועסט זיין מיט מיר...

**גרובין.**

(מיט רוגזה.)

אָבער ווי וועלען מיר לעבען?

**אננאַ.**

(טרייסט איהם.)

דאָס איז גאַרנישט. איך האָב דאָך אַמאָל געאַרבייט. קיין גרויסע פערדיענערקע בין איך ניט; אויף מיין „לעבען" וועל איך שוין מסתמא מאַכען ווי־עס־איז, און דו וועסט מסתמא אויך מוזען ווערען אַ פערדיענער. (די לעצטע ווערטער מיט אַ שמייכעל.)

גרובין.

(מיט אויסגעשטעלטע אויגען.)

איך ? ?

אננא.

(מיט א שטילען לאַכען.)

וואס האסטו זיך אזוי דערשראָקען ? וועסט מיר אביסעלע אונטערהעלפען. מיר וועלען דאך קיין סך ניט דאַרפען, מיר וועלען זיך דאך האבען איינע די אַנדערע. (גרובין לאָזט אַראָב דעם קאָפּ און פערטראַכט זיך. פויזע.)

גרובין.

(מיט האַלב־פערמאַכטע אויגען, פּאָעטיש.)

איך פיהל, ווי דער צויבער פערשווינדט, ווי די זאַנפטע סאַמעטענע בין־השמשות'דיגע שאטענס, וואס ווערען פערשלונגען אין דעם שוואַרצען ריעזען־מויל פון דער פינסטערער נאַכט.

אננא.

ווענען וואס זאגסטו דאס ?

גרובין.

(נאַכלעסיג.)

דו פערשטעהסט עס ניט, ס'איז ניט פאר דיר, וועסט עס ניט בענעהמען.

אננא.

(בעט.)

זאג מיר, ערקלעהר מיר.

גרובין.

אונזער ליעבע פערליערט דעם חן, דעם רייץ ; דער כשוף טהוט זיך אב פון אונזער ליעבע, מיר בלייבען וואכעדיגע.



אננא.

(בעט זיך.)

זאג מיר, פאר וואס, ערקלעהר מיר... מיר וועלען דאך פון איצט אן זיין אלע מאל צוזאמען, וועט דאך אונז זיין א סך בעסער ווי פריהער.

גרובין.

(טהוט אַ מאַך מיט'ן האַנד.)

דו קענסט ניט פערשטעהן... עס וועט מעהר ביי מיר ניט זיין דער זיסער ציטער פון ערוואַרטונג, וואס איך פלעג פיהלען אבוואַרטענדיג דיך יעדען מאל ביים סאבוויי־סטיישאן... און דער פאהרען מיט דער אפענער קאר צו ניו ראשעל... און דער שפּאַציער אויף באסטאן ראוד און דערנאך איין קראַטאנאַ פּארק... אז דו וואלסט פערשטאַנען... (לאָזט אַראָב דעם קאָפּ.)

אננא.

(מונטער.)

איך דאך שוין איצט ניטא וועגען וואס זיך צו זאָרגען ! מיר וועלען שוין מעהר ניט דאַרפען ציטערען און זיך שרעקען. מיר וועלען דאך אלע מאל זיין צוזאמען !...

גרובין.

(ווי מיט רחמנות.)

וועסט ניט פערשטעהן... ס'איז פאראַן אין דעם מענשענס נשמה אזא סטרונע, וואס פערשאפט גרויס נחת־רוח, אז מ'וויים ביי זיך, אז די פרוי געהט אוועק פון יענעם מאַן און געהט צו דיר ; זי לאָזט איבער יענעם מאַן, וואס מיינט ביי זיך, אז זי איז זיינע, און זי געהט צו דיר... דאס מאַכט דיין נשמה אויפקוועלען, דיין קאפּ הויבט זיך העכער און דיינע אויגען קוקען מיט שטאָלץ... דו פיהלסט ווי דיינע פּלייצעס ווערען ברייטער און דיין טראַט פעסטער... און דאס וועל איך מעהר ניט דורכלעבען.

אננאַ.

דו ביזט אַ מאָדנער... נאָך מיין שכל נאָך, האָט דער היינ־טיגער טאָג געדאַרפט זיין ביי אונז דער גליקליכסטער! כ'האָב דאָך היינט פערלאָזען יענעם מאַן אויף אַלע מאָל און בין גע־קומען צו דיר.

גרובין.

(העכסט אונגעדולדיג.)

כ'האָב געוואוסט, אַז דו וועסט דאָס ניט בענעהמען! היינט האָסטו פון מיר גערויבט יענעם זיסען ציטער און געהויבענעם שטאָלץ, וואָס איך האָב ביז איצט געהאַט אַלע דיענסטאַג און פרייטאָג ביי אונזער צוזאַמענטרעפען זיך... מיר וועט פעהלען די פּאָעזיע פון ערוואַרטונג, דער צאַרטער פלאַטער פון מיין נשמה, די שטאָלצע אויפלעבונג פון מיין וועזען... איך בעט דיר, טהו מיר אַ טובה, לאָז מיך איבער אַ ווײַלע מיט מיינע גע־דאַנקען.

אננאַ.

(דערשלאָגען.)

אפשר פערשטעה איך טאַקע ניט... ס'איז דאָך שוין אָבער פערפאַלען, ס'איז דאָך אָבגעטהאָן געוואָרען און ס'קען דאָך צוריק אַנדערש ניט ווערען.

גרובין.

(מיט פאָרוואורף.)

האָסט ניט גוט געטהאָן.

אננאַ.

אָבער איצט איז דאָך שוין ניטאָ וואָס צו ריידען. ס'איז דאָך פערפאַלען.



גרובין.

(אָנגעבלאָזען, ברוגז.)

האָסט זיך ביי מיר ניט אָנגעפרעגט, אויב דו זאָלסט דאָס טהאָן.

אננאַ.

צו וואָס האָב איך דאָס געדאַרפט? כ'ווייס דאָך פון דיין ליעבע פאַר מיר.

גרובין.

(קאַלט.)

איצט איז שוין אַנדערש, דו האָסט אונזער ליעבע אַליין אָבגעטויטעט.

אננאַ.

(מיט שרעק.)

וואָס מיינסטו אַנדערש? ס'קען דאָך אַנדערש שוין ניט זיין, מיר מוזען פון איצט אָן זיין צוזאַמען.

גרובין.

(קאַלט.)

דאָס איז ניט מיין בעגעהר און איך וועל מיך דערצו ניט צווינגען.

אננאַ.

אוי! ווי קענסטו ריידען צו מיר אַזוי גרויזאַם?

גרובין.

איך זאָג דיר, וואָס איך פיהל; צווינגען קען איך זיך ניט; טהו ווי דו פערשטעהסט.

אננאַ.

(מיט געבעט.)

דאָס קען ניט געשעהן, כ'מוז זיין מיט דיר.

גרובין.

דו רעדסט איבעריגע רייד.

אננא.

דו ליעבסט מיך ניט מעהר? זאג מיר דאס!

גרובין.

ס'איז איצט אנדערש, ווי געווען.

אננא.

דו ליעבסט מיך ניט מעהר?

גרובין.

אז מ'וויל, קען מען דאס אזוי זאגען...

אננא.

און דיך ארט ניט, וואוהין איך וועל געהן און וואס פון מיר וועט ווערען?

גרובין.

צו וואס דארפסטו דאס אזוי אויסטייטשען? לאז מיר צורוה א ווײלע (ער פערטראכט זיך.)

אננא.

ווי דען קען מען דאס אנרופען?

גרובין.

לאז מיך צורוה!

אננא.

האסט קיין געדולד ניט צו הערען מיינע רייד... גוט... (זי



שטעלט זיך אויף.) איך וועל זיך ניט מאכען קליין און נאריש... איך וועל געהן... בלייבט עס, אז דו ווילסט מיך מעהר ניט זעהן.

גרובין.

(מיט רוגזה.)

איך האב דאס ניט געזאגט. וועסט מיר שיקען א פאסטאל-קארד מיט דיין נייעם אדרעס, וואו דו וועסט אריינמופען, וועל איך זעהן. (אננא האט זיך דערוויל אנגעטהאן איהר הוט, אריינגעשטעקט די שפילקעס.)

אננא.

בעטען זיך ביי דיר וועט מיר געווים ניט העלפען, און איך וועל דאס ניט טהאן. ס'איז נאך מיין גליק, וואס איך האב זיך פערזארגט, איידער איך בין צו דיר געקומען.

גרובין.

(הויבט אויף דעם קאפ, קוקט איהר אן.)

מיט וואס האסטו זיך פערזארגט?

אננא.

איך האב זיך פערזארגט מיט א גוטע היים און מיט א גאנץ פיינעם מאן.

גרובין.

(זעהר נייגיעריג.)

ווי אזוי?

אננא.

דאס איז מיין היים, און מיין מאן מאיער.

גרובין.

דו געהסט צוריק?

אננא.

געווים געה איך צוריק.

גרובין.

מיינע רייד!

אננא.

יא, דיינע רייד, אבער א ביסעל אנדערש, ווי דו מיינסט.

גרובין.

וואס מיינסטו?

אננא.

איך מיין, אז איך האב פאר דיר פערפאסט א געשיכטע: איך האב וועגען דיר מיט מיין מאיער'ן ניט גערעדט. נו, ווי געפעהל איך דיר עפעס אלס פערפאסערין? (זי צולאכט זיך.)

גרובין.

(ערשטוינט.)

די גאנצע געשיכטע האסטו זיך אויסגעטראכט?

אננא.

און וואס האסט ד ו געמיינט, איך וועל זיין אזוי נאאיוו, נאריש, הייסט עס, און אבטהאן אזא אומגעלומפערט שטיקעל ארבייט? דו ווייסט דאך, אז איך בין ניט אזא נאר. (זי געהט צום טיר.)

גרובין.

געה נאך ניט, זעץ זיך. צו וואס האסטו דאס געטהאן?



אננא.

(נעהמט איהר האנד־בייטעל פון טיש, זעצט זיך.)

מיר האט זיך געוואלט וויסען, מיר האט זיך געוואלט דער־געהן עפעס מעהר וועגען דיר. איך האב געוואלט דערקענען דיך מעהר... איך האב געוואלט א ביסעלע טיעפער דערגרונ־טעווען דיין ליעבע צו מיר...

גרובין.

(מיט א מוסר־טאן.)

האסט עס ניט געדארפט טהאן. נו, מילא, אבי דיין פער־פאסטע געשיכטע האט א גוטען סוף. טהו אוים די העט. (ער שטעלט זיך אויף און נעהמט ציהען די שפילקעס פון איהר הוט.)

אננא.

ניין, ניין. ניט היינט. (זי שטופט אוועק זיין האנד.) איך פיהל, אז עס איז געווארען אנדערש, מיין ליעבע איז עפעס ניט מעהר יענע ליעבע.

גרובין.

(מיט שפאט.)

נארישקייט! רעדסט ווי א קינד!

אננא.



שטעל דיך פאר, אז די געשיכטע איז טאקע אמת — וואס פאר א פנים וואלט איך איצט געהאט? מיך שוידערט! (זי שוידערט.)

גרובין.

הויבט זיך אן א מעשה! רייד ניט מעהר פון דעם, א שפאס און א סוף, א דאגה, נו!

**אננא.**

דו ביזט פאר מיר ניט מעהר וואס געוועזן! בערעכען דיין האנדלונג, אויב דו קענסט עס נור!

**גרובין.**

נארישקייטען! לאמיר בעסער פערגעסען!

**אננא.**

איך קען ניט פערגעסען און איך וועל דאס ניט פערגעסען. איך האב קיין חרטה ניט וואס מיר האבען זיך בעקענט און איך האב דיך ליעב געקראגען. איך האב אלע מאל געוואוסט, אז דו ביזט א שוואך אינגעל מיט מעהר פאנטאזיע איידער שכל, מעהר קינד איידער מאן, און דאס טאקע האב איך ליעב געהאט אין דיר, און איך האב געטהאן, ווי מיר האט זיך געוואלט... אפשר האב איך מיט דעם געזינדיגט, א דאגה מיינע, כ'האב קיין חרטה ניט... מיין מאיער איז אלרייט, איך האב צו איהם גארנישט... מיר איז אבער געוועזן אזוי לאנגוויילינג, וואכעדיג, ניט אינטערעסאנט אלעס ארום... מיין לעבען האט זיך געצויגען „רעגעלע", ווי אן אנגעדרעהטער זייגער — האב איך מיך אריינגעלאזען אויף א ווייל אין דיין וועלטעל, כ'האב דיך אמת ליעב געהאט, ס'איז געוועזן אינטערעסאנט. מיך פערדריסט ניט...

**גרובין.**

(בעט זיך.)

זאל זיין ווי געוועזן...

**אננא.**

כ'פיהל, אז ס'קען ניט זיין מעהר וואס געוועזן! דו ביזט שוין מעהר ניט פאר מיר קיין קליין שוואך אינגעל, נאר א קליין מענשעלע, א פיטשינקער מאנעלע, און אזא קען איך ניט



ליעב האבען... בערעכען נור ווי דו האסט מיר דא בעהאנדעלט! (זי שטעלט זיך אויף, נעהמט אן די הענטעל פון טיר. גרובין קומט צו נאהענט צו איהר.)

**גרובין.**

(בעט זיך.)

געה ניט, מיר וועלען זעהן ס'זאל פערגעסען ווערען.

**אננא.**

כ'וועל ניט פערגעסען... איך בין זיך אבער מודה, אז מיך פערדריסט מיין גאנצער אויפטהו... איך האב עס ניט געדארפט טהאן און ווייטער לעבען אין דיין פער'חלומ'ט וועלטעל... מיר איז דאך דארט געוועזן אזוי גוט... איצט קען איך ניט מעהר... איך בין געשטראפט געווארען פאר'ן וועלען צופיעל וויסען... פאר מיין נייגיערינגקייט... מ'דארף ניט וועלען דערגרונטעווען... אבער פערפאלען... גוטע נאכט!

**גרובין.**

(מיט אן אויסגעשריי.)

ווארט! איך וויל דיר עפעס פרעגען: זאג מיר, ווי וואלט געוועזן, אז איך נעהם אן דיין פלאן און איך וויל, און איך בין גליקליך צו געהן מיט דיר, און צום סוף זאגסטו מיר, אז דו האסט זיך בלויז געשפיעלט — האסטו איבערגעקלעהרט, ווי איך וואלט דערפון געליטען?

**אננא.**

ניין. איך בין מודה, אז דאס איז מיר גאר אויפ'ן זינען ניט געקומען. זעהסט דאך אבער, ווי עס האט זיך אויסגעלאזען. א גוטע נאכט, לאז מיך עפענען די טיר.

גרובין.

(מיט א פערשטיקט געוויין.)

איך וועל אויף דיר ווארטען דיענסטאג ביים סאבוויי.

אננא.

ניין, קום ניט, מיך ציהט ניט מעהר צו דיר. איך וועל דיר אפשר אמאל שיקען א פאסטאל־קארד.

גרובין.

(בעטעלט.)

איך בעט דיך, קום, וועסט זעהן. ביז דיענסטאג וועט אלץ פערגעסען ווערען...

אננא.

(פעסט.)

דאס קען ניט זיין און דאס וועט ניט זיין.

גרובין.

(מיט געוויין.)

איך וועל קומען... (ער זעצט זיך אויפ'ן בעטעל און וויינט אין ביידע הענד. אננא בעטראכט איהם מיט רחמנות. פויזע.)

אננא.

גוט, קום, וועל איך דיר דארט זאגען, אז איך וויל דיך ניט מעהר, אויב דו מוזט עס נאך א מאל הערען.

גרובין.

(ווישט די אויגען.)

מיר וועלען פאהרען אין פארק, איך וועל דיר פארלעזען מיינע זאכען, וועסט זעהן, וועסט זיין צוריק מיין אננא... עס וועט פערגעסען ווערען...



אננא.

(פער'עקשנ'ט.)

ניין, דאס ניט, איך וועל דיר דארט זאגען, וואס איך זאג דיר איצט. גוטע נאכט.

גרובין.

(לויפט צו איהר צו.)

געה ניט אוועק אזוי! גיב מיר א קוש!

אננא.

(מיט שפאט, שטופט איהם אוועק.)

מאך דיך ניט נאריש.

גרובין.

(שטעהט צו צו אננא'ן, ווי א קליינער אינגעל צו זיין מאמע.)

איך וועל דיר ניט לאזען געהן, מוזט מיר געבען א קוש.

אננא.

(אונגעדולדיג.)

נו! זאל זיין א סוף! איך וועל דא היינט מיט איהם ניט פארטיג ווערען. נא! (זי טהוט איהם א שוואכען קוש אויפ'ן באק.) טשעפע זיך שוין אמאל אב!

גרובין.

(כאפט איהר ארום מיט ביידע ארעמס.)

געה ניט!

אננא.

(קעמפפט שוואך זיך צו בעפרייען פון איהם.)

וואס טהוט זיך דא מיט מיר? לאז מיך געהן... טשעפע זיך אב... לאז מיך צורוה...

גרובין.

דו קענסט דאָך גאָר ניט זיין אין כעס, ביזט דאָך אַזאַ גוטע...

אַננאַ.

(שוואַך.)

לאָז מיך אָב! (גרובין נעהמט פון איהר האַנד איהר בייטעל, וואַרפט אויפ'ן טישעל. ער ציהט אַרוים די שפּילקעס פון איהר הוט, וואַרפט אויפ'ן טישעל. ער ציהט זיך אוים אויפ'ן בעטעל. ער לאָזט פונאַנדער איהרע האָר. זי וועהרט זיך ניט.)

גרובין.

(בעדעקט מיט איהרע האָר זיין פּנים. ער דעקלאַמירט.)

בעדעק מיך מיט דעם סכך פון דער צויבערליכער סוכה...

(פאָרהאַנג פאַלט לאַנגזאַם.)

## דעם דאָקטאָר'ס ערשטע אָפּעראַציע

# דעם דאָקטאָר'ס ערשטע אָפּעראַציע

פערזאָנען:

סיימאָן גאָלד, אַ שניידער, אַריבער 50 יאָהר אַלט.
מיכלע, זיין ווייב.
לואי, זייער זוהן (אַ דאָקטאָר), 26 יאָהר אַלט.
עני, זייער אינגסטע קינד, 19 יאָהר אַלט.
גאָסי, זייער פערהייראַטע טאָכטער, 30 יאָהר אַלט.
מאַקס, גאָסי'ס מאַן.
דער פעטער שלמה, מיכלע'ס ברודער, אַן עלטערער איד.
דעם פעטער שלמה'ס ווייב.
דער שדכן.
אַן אונבעקאַנטע מיידעל.

אַן אָבענד אין מיטען וואָך, ביי סיימאָן גאָלד אין הויז, אויף דער איסט־סייד. — די „פראָנט־רום". דער צימער זעהט אויס יום־טוב'דיג. דער טיש איז פערשפרייט מיט אַ ווייסען טישטוך, אָנגעשטעלט מיט טעלער, גלעזער, גלעזלעך, אַ פלאַש שנאַפּס, אַ פלאַש וויין, פרוכט, לעקעך. עס איז דאָ אַ גרויסער יום־טוב היינט. נעכ־טען האָט דער זוהן זייערער, לואי, געקראָגען זיין דאָקטאָר־דיפּלאָם, און היינט איז אַ „פּאַדע" לכבוד די גרויסע פּאַסירונג. זעהר שווער איז אָנגעקומען דעם אָרימען שניידער צו מאַכען דעם זוהן פאַר אַ דאָקטאָר. מיט זיינע אייגענע כחות וואָלט ער דאָס געוויס ניט אויסגעפיהרט. אַלע האָבען אין דעם מיטגעהאָלפען: עני, די אינג־סטע קינד זייערע, האָט געגעבען פון איהרע פערדיענסטען, ווען

מען האט געדארפט איינצאהלען אין קאלעדזש און צו פערשאפען דעם סטודענט אלע נויטיגע זאכען, וואס ער האט געמוזט האבען. גאסי, די פערהייראטע טאכטער, האט מיטגעהאלפען מיט אלע איהרע כחות. דער פעטער שלמה, מיכלע'ס ברודער, א קאסטאמער פעדלער, וועלכער האט אליין קיין קינדער ניט, האט אפט געגעבען פינפער־לעך, צעהנערלעך, אויך פינף־און־צוואנציגערס און פופציגערס, און ער האט דאס פערשריבען אין א בעזונדער ביכעלע. אלע אבער האבען זיי ביי זיך געוואוסט, אז זייער געלד וועט ניט געהן פערפאלען — לואי וועט זיין א דאקטאר! זיי וועלען קריגען צוריק אלץ וואס זיי קומט, — מיט נחת דערצו. ווען דער פארהאנג הויבט זיך אויף, איז די ביהנע ליידיג. מיכלע קומט אריין פון קיך מיט א טעלער קיכלעך און שטעלט עס אוועק אויפ'ן טיש. זי קוקט זיך ארום איבער'ן צימער, צו זעהן, אויב אלץ איז אין ארדנונג. זי גלעט אביסעל צו די גארדינען אויף די פענסטער, גלייכט אויס די אנגעשטעלטע חפצים אויפ'ן „מענטעלפיעס". דערנאך נעהמט זי זיך איבערשטעלען די טעלער און גלעזער אויפ'ן טיש. זי דערמאנט זיך אן עפעס, געהט צוריק אין קיך. איהר מאן, סיימאן גאלד, קומט אריין פון דער ארבייט.)

### מיכלע.

ס'ווערט שפעט. געה טהו זיך איבער. ס'גערארפט זעהן צו קומען היינט א ביסעל פריהער.

### סיימאן.

אלץ אלרייט? אנגעגרייט אלץ וואס מ'דארף?

### מיכלע.

(קוקט זיך ארום.)

מיר דוכט, ס'איז אלצדינג דא. געה טהו זיך איבער. איכ'ל אויך געהן עפעס ארויפנעהמען אויף זיך. וואס, זאגסטו, זאל זיין מיט ביער — וועסט קויפען באטעלס, צי א פאר פיינט?



### סיימאן.

בעסער באטעלס, וועל איך שוין קענען ארויפנעהמען. (ער געהט.)

### מיכלע.

קום אהער אויף א מינוט. ווייסט וואס פאר א מאן דא איז היינט געוועזן?

### סיימאן.

ווער איז געוועזן?

### מיכלע.

אז איך וויל, קען איך זאגען, אז דו האסט היינט פערדיענט א פאר טויזענד טאלער.

### סיימאן.

איך האב היינט פערדיענט א פאר טויזענד טאלער?

### מיכלע.

ביי דיר איז דאך רעכט געוועזן פאר א יאהרען, אז לואי זאל חתונה האבען מיט דער מיידעל מיט די צוויי טויזענד טאלער.

### סיימאן.

וואס האט דאס איינס צו די אנדערע?

### מיכלע.

(מיט נחת.)

נעכטען האט לואי געבראכט דעם דיפלאם אויף דאקטאר, איז שוין היינט דא געוועזן א מאן מיט א שידוך מיט פיער טויזענד טאלער.

סיימאן.

(מיט א ליכטיגען שמייכעל.)

וואו איז דער מאן? האסט געדארפט נעהמען דעם אדרעס.

מיכלע.

כ'דארף ניט אזעלכע אדרעסען! כ'האב אויסגעהארעוועט א זוהן א דאקטאר — קומט מען מיר דא צוגעהן מיט פיער טויזענד טאלארעס! דאס איז ביי דיר געלט?

סיימאן.

כ'וואלט שוין געוואלט זעהן, ווי דאס זעהט אויס.

מיכלע.

כ'האב איהם געגעבען אן ענטפער, אז ער האט ניט נעטראפען די טיהר ארויסצוגעהן. געה נאך די באטעלם ביער און קום באלד ארויף. (סיימאן געהט ארויס. מיכלע פערגעסט זיך, אז זי האט זיך פריהער עפעס דערמאנט און זי נעהמט זיך צוריק צו דער ארביט אין פראנט־רום. זי רוקט צו דעם טיש מעהר צום וואנט — ס'געפעהלט איהר ניט — רוקט זי צוריק דעם טיש אויפ'ן פריהערדיגען פלאץ; שטעלט איבער די שטוהלען, שטעלט זיי צוריק — ענג! ענג! — ניטא וואוהין זיך א קעהר צו טהאן. עס וועלען זיך, קיין עין הרע, צוזאמענקומען א רעכט ביסעל מענשען, וואו וועלען זיי זיך אלע אהינטהאן? זי קוקט זיך ארום מיט פערצווייפלונג. זי שטעלט וויעדער איבער די שטוהלען — נאך ערגער. סיימאן בעוויייזט זיך אין טיהר, אנגעטהאן אין יום־טוב'דיגע קליידער.)

סיימאן.

גענוג שוין ארומרוקען די „פארניטשע", די פראנט־רום קען גרעסער ניט ווערען.

מיכלע.

האסט זיך שוין אנגעטאן? פאר וואס ביזטו ניט נעגאנגען נאך ביער?



סיימאן.

איך געה שוין.

מיכלע.

אט אזוי וועסטו דאס אראבנעהן אין סטרים מיט'ן בלויען סוט און מיט די שטייפע העמד אין מיטען וואך?

סיימאן.

פאר וועמען האב איך מורא? ס'איז מיינע זאכען, כ'בין קיינעם ניט שולדיג.

מיכלע.

זאלען מיר דאס פערמאגען כאטש אין פינף יאהר ארום וואס דו ביזט שולדיג.

סיימאן.

ניט איך, לואי איז שולדיג און ער וועט אלעמען בעצאהלען.

מיכלע.

טו נעהם שוין און געה. וועה, די דיינע שיך זעהען אויס! פאר וואס האסטו ניט געלאזט אבפוצען זיך די שיך?

סיימאן.

(רייבט די נעזער פון די שיך אן די הויזען.)

ווער וועט דא קוקען אויף די שיך?

מיכלע.

געה שוין אמאל! טהו נאר א קוק, ווער איז דארטען אריינגעקומען. (עני קומט אריין פון דער ארביט.)

עני.

דער טאטע איז שוין געדרעסט?

### מיכלע.

זעהסט, עני, אט אזוי א געהט ער דאס ארויפברענגען ביער. (סיימאן געהט ארויס.) קום אהער, מיין טאכטער, לאמיר זיך צוקושען. (מוטער און טאכטער צוקושען זיך. זיי זעצען זיך אוועק. מיט נחת און פרייד.) ווי גיך מ׳דערוויסט זיך דאס... נעכטען האט לואי געבראכט אהיים דעם דיפלאם אויף דאקטער, קומט שוין היינט א מאן מיט א שידוך מיט פיער טויזענד טאלער, ווי געפעהלט דיר דאס?

### עני.

(נייגיעריג.)

ווער איז די מיידעל?

### מיכלע.

פרעגסט מ י ך? איך קען איהר? דער מאן האט געזאגט, אז דער פאטער איהרער האט א סטאר פון דרעסעס מיט וויסטען אפטאון.

### עני.

וואס איז דאס פאר א מיידעל?

### מיכלע.

דער מאן האט געזאגט, אז זי איז כמעט א היעגע געבארענע, זי איז אויסגעגאנגען היי־סקול און זי איז זעהר א שעהנע. ער האט ניט געטראפען די טיר ארויסצוגעהן. מיט פיער טויזענד טאלער קומט מען דא צוגעהן אהער! זעה נאר, וואס האב איך זיך אין מיטען דערינען גאר אוועקגעזעצט? אין קיטשען איז נאך דא אזוי פיעל ארבייט. (זי שטעלט זיך אויף און געהט אוועק אין קיך. עני בעקוקט די פראנט־רום מיט אן אונצופריעדענעם פנים. עס געפעהלט איהר ניט. זי וואלט וועלען עס זאל זיין גראמער און שעהנער. זי גלעט צו די גארדינען, שטעלט איבער די חפצים אויפ׳ן „מענטעלפיעס“. זי נעהמט א שטיקעל לעקעך פון טיש, בייסט אפ און זעצט זיך אוועק פערטראכט. מיכלע ברענגט



וויעדער עפעס ארייין פון קיך. הינטער איהר קומט דער פעטער שלמה מיט זיין ווייב. ער איז אן עלטערער איד מיט א גרוי בערדעל. ער און זיין ווייב זיינען אנגעטהאן ווי צו א שמחה. די ווייבער צוקושען זיך). נעהם, עני, צוקוש זיך מיט׳ן פעטער.

### עני.

(שמייכעלט.)

מ׳דארף ניט.

### דער פעטער שלמה.

מיינסט, איך פרעג ביי איהר? (ער נעהמט ארום עני׳ן און טהוט איהר א קוש. מיכלע געהט ארויס און קעהרט זיך באלד אום צוריק.)

### מיכלע.

הערסט, שלמה, ס׳איז מיר גאר פון זינען ארויס דיר צו דערצעהלען. טרעף, ווער איז דא היינט געוועז?

### דער פעטער שלמה.

געה טרעף! זאג, וועל איך וויסען! וואס בין איך פאר א טרעפער?

### מיכלע.

כ׳האלט אזוי אין האקען די לעבער, קלאפט אן א מאן און פרעגט, אויב דא וואוינט א פאמיליע גאלד. זאג איך יעס. פרעגט ער, אויב אונזער זוהן האט דאס נעכטען געקראגען א דיפלאם אויף דאקטאר. זאג איך יעס. ווער, מיינסטו, איז דאס געוועז? א שידוך פאר לואי׳ן מיט פיער טויזענד טאלער.

### דער פעטער שלמה.

אט דאס איז אמעריקע! „אלבעטשע“, אז די שדכנים וואטשען אב ווער ס׳קריגט א דיפלאם און פערשרייבען ביי זיך אלע דאקטוירים. יעדערער איז זיך קלוג אין זיין ביזנעס. וואס

פאר א שידוך איז דאס געווען? מיט פיער טויזענד טאלער? וואס עפעס גראד פיער טויזענד?

מיכלע.

(שטאלץ.)

כ'האב זיך אפילו ניט נאכגעפרעגט. איהרע עלטערן, האט ער געזאגט, האבען א סטאר פון דרעסעס מיט ווייסטען אפטאון.

דער פעטער שלמה.

איך וואלט איהם ארויסגעטריבען פון הויז.

מיכלע.

וואס האב א י ך געטהאן? ער האט ביי מיר די טהיר ניט געטראפען.

דער פעטער שלמה.

פיער טויזענד טאלער איז אפילו ניש'קשה'דיג פון א מטבע, אבער פאר לואי'ן איז דאס קיין געלד ניט. כ'קען זא־גען, אז עס קאסט אונז אליין טהייערער. כ'קען דיר צוזאמענ־רעכענען. (ער נעהמט ארויס א ביכעלע פון קעשענע.) כ'וועל ניט רעכענען וואס ער איז געגאנגען אין סקול, האי־סקול, ווייס איך ניט אויף קלאהר, וואס ס'האט אבגעקאסט. (ער קוקט אריין אין ביכעלע.) ביי מיר אליין האט מען אנגענומען: פינף — צוואנציג — פינף און צוואנציג — פופציג — צוואנציג — פינף און צוואנציג — וואס דארף איך רעכענען בעזונדער? כ'וועל א קוק טהאן די אונטערשטע שורה: — פיער הונדערט מיט פינף און זיבעציג טאלער — דאס איז פינף הונדערט, ווענינער א פינף און צוואנציגער. ס'איז ביי מיר ווי געהאלטען אין די גרעסטע בענק. בעט מיר איין סענט אראבלאזען, קענסטו ביי מיר ניט קריגען. טאקע פאר א יאהרען אין דער צייט איז דאס



געווען — מיינע א קאסטאמערקע'ס א זוהן וואס האט אויסגע־שטודירט, האט באלד געקראגען א מיידעל מיט פינף טויזענד טאלער. ס'געמעגט אנקוקען א נפש א דאקטאר — וואס זאג איך א דאקטאר? א דענטיסט גאר — אז יענער האט געקרא־גען פינף טויזענד, איז לואי א „באגען“ צוואנציג טויזענד. יענער איז אן אסאבע, אז ער קען געהן שפאצירען אונטער'ן טיש (מיט גוטמוטהיגען כעס.) דא וועט זיך גיסען בלוט ווי וואסער, אז לואי וועט נעהמען א סענט ווענינער פון צעהן טויזענד טאלער.

מיכלע.

(מיט נחת און פרייד.)

אז איך וויל איהם גאר דערוווייל אין גאנצען ניט חתונה מאכען! וואס איז ער, א מיידעל, אז כ'זאל וועלען פון איהם פטור ווערען?

דער פעטער שלמה.

ווארט, כ'האב דאך געהאלטען עפעס אין רעכענען! לאז מיר אויסרעכענען!

מיכלע.

איצט רעכען צו איהר. (ווייזט אן אויף עני'ן.)

דער פעטער שלמה.

וויפיעל כאפט עס?

מיכלע.

הלואי פערדיענסטו דאס אלע וואך, כאטש אלע חודש מיט מיין מאן אין איינעם. זי האט אנגעגעבען די צייט וואס לואי איז געגאנגען אין קאלעדזש אריבער דריי הונדערט טאלער.

דער פעטער שלמה.

„אריבער דריי הונדערט טאלער“ איז ביי מיר קיין לשון ניט. כ'וויל וויסען וויפיעל.

מיכלע.

זאג דו, עני, וויפיעל.

עני.

דריי הונדערט מיט פופצעהן דאלאר.

דער פעטער שלמה.

הער איך דאך ווערטער. (פערצייכענט. צו עני'ן.) אויב דו ווילסט עפעס אראבלאזען, וועל איך דיר שוין אויסצאהלען אין קעש.

מיכלע.

ניט זי וועט דיר אראבלאזען און ניט דו וועסט איהר אויס־צאהלען. קום, עני, טהו זיך איבער. ווער איז אריינ־געקומען? (זי קוקט צום טיהר. סיימאן קומט ארויס מיט די פלעשלעך ביער אונטער די ארעמס, אין די הענד און אין די קע־שענעס. נאך איהם קומט גאסי מיט איהר מאן. אלע ווייבער צו־קושען זיך.) זעצט זיך אלע ארום טיש. כ'מוז זעהן וואס עס טהוט זיך אין קיטשען. (מיכלע געהט ארוים. עני געהט נאך איהר. מיכלע קומט באלד צוריק.) נעהם, שלמה, דערצעהל זיי, ווער דא איז היינט געווען. איך האב קיין צייט ניט. (זי געהט אוועק אין קיך.)

גאסי.

(זעהר נייגיעריג.)

ווער איז דא געווען?

דער פעטער שלמה.

אין אמעריקע ווייס זיך יעדערער זיינע ביזנעס. נעכטען האט מען אויסגעטהיילט די דיפלאמען צו די נייע דאקטוירים. איז שוין דא היינט געווען א מאן, א שדכן פאר לואי'ן.



גאסי.

מיט וויפיעל?

דער פעטער שלמה.

ס'איז א בזיון איבערצודערצעהלען.

גאסי.

וויפיעל?

דער פעטער שלמה.

מיט פיער טויזענד דאלארעס.

גאסי.

אי, א געלעכטער אויף נאמנות! (זי לאכט.)

סיימאן.

מ'האט געמעגט א קוק טהאן אויף די געלד.

גאסי.

(צום טאטען.)

וואס דו זאגסט! אז מ'וואלט דיר געפאלגט, וואלסטו נאך פאר א יאהרען התונה געמאכט לואי'ן מיט די מיידעל מיט די צוויי טויזענד טאלער, וואס מ'האט איהם גערעדט.

דער פעטער שלמה.

(צו גאסי'ן.)

דער טאטע דיינער איז ניט קיין געוואלטיגער ביזנעסמאן. פרעג איהם, צי ער ווייס, וויפיעל אונז קאסט אב וואס לואי איז געווארען א דאקטאר. כ'האב דא פריהער געהאלטען אין צוזאמענרעכענען, וואס דער קאלעדזש מיט אלצדינג האט אב־געקאסט. וויפיעל קומט דיר?

גאָסי.

מאַקס ווייס בעסער דעם חשבון. (צו איהר מאַן.) וויפיעל, מאַקס?

מאַקס.

פאַר צוויי וואָכען איז געוועזן גלייכע דריי הונדערט טאָלער.

דער פעטער שלמה.

„פאַר צוויי וואָכען“ איז ביי מיר קיין לשון ניט; וויפיעל איז היינט?

מאַקס.

האָט מען דערנאָך גענומען אַפ'ן סוט.

דער פעטער שלמה.

אַז מ'קען זיך מיט זיי ניט צוזאַמענריידען! וויפיעל האָסטו געגעבען אַפ'ן סוט?

מאַקס.

אַפ'ן סוט האָב איך געגעבען פיער און צוואַנציג טאָלער.

דער פעטער שלמה.

קאָם אַרויסגערעדט. איז דאָס דריי הונדערט מיט פיער און צוואַנציג טאָלער.

סיימאָן.

וואָס דאַרפען מיר איצט רעכענען? לאָמיר זיך בעסער זע־צען אַרום טיש און דערווייל עפּעס נעהמען.

גאָסי.

ווער דאַרף נאָך קומען? וואו איז לואי?

סיימאָן.

באַלד וועט ער אַריינקומען... כ'האָב איינגעלאַדען וואַנ־



מאַנ'ען פון מיין שאַפּ. קענסט איהם דאָך, וואָס כ'האָב ביי איהם געליהען די פופציג טאָלער, און ברוך מיט מלכה'ן מיט די קינדער דאַרפען קומען. דאָס אַלעס. זאָל אַריינקומען מיכלע מיט ענע'ן צום טיש. (ער שרייט.) מיכלע! ענע!

מיכלע.

(לויפט אַריין.)

וואָס איז?

סיימאָן.

ווער שוין אַמאָל פאַרטיג דאָרטען און זעץ זיך אַוועק. וואו איז ענע?

מיכלע.

די נשמה איז מיר אַרויסגעפאַלען, כ'האָב געמיינט ס'ברענט פון זיינע קולות. (זי געהט צוריק אין קיך. ענע קומט אַריין אָנגעטהאָן אין אַ שוואַרצע קלייד און זעצט זיך ביים טיש. סיימאָן גיסט אָן די גלעזלעך.)

גאָסי.

וואו איז לואי? פאַר וואָס איז לואי ניטאָ? ער ווייס דאָך, אַז מענשען זיינען זיך צוזאַמענגעקומען!

דער פעטער שלמה.

וועט ער קומען מיט אַ ווײַלע שפּעטער. וואָס איז דער אומגליק?

גאָסי.

(בייזערט זיך.)

ער ווייס, אַז ס'קומען זיך צוזאַמען מענשען!

דער פעטער שלמה.

וועסט שרייען אויף א י ה ם. וואָס שרייסטו אויף מ י ר? איך האָב זיך דאָך ניט פערשפּעטיגט.

### סיימאָן.

אַז מיכלע וואָלט אַריינגעקומען, וואָלטען מיר דערווייל עפּעס גענומען, איידער ס'הויבט זיך אָן די „פּאַרע". וואָס טהוט זי דאָרטען אַזוי לאַנג?

### גאָסי.

(לאָזט אויס איהר האַרץ צום טאַטען.)

זי'ט אַריינקומען! זי'ט אַריינקומען! קיין זאַך פון טיש וועט דאָך ניט אַנטלויפען.

### סיימאָן.

ס'ציהט מיר אין האַרצען. (מיכלע קומט אַריין צוגעפּוצט ווי צו אַ שמחה.)

### דער פעטער שלמה.

ווי קומט עס טאַקע, וואָס לואי איז נאָך ניטאָ? ס'קען אָבער ניט שאַטען צו נעהמען דערווייל אַ ביסעל בראַנפען. (ער נעהמט אַ פולע גלעזעל אין האַנד.) לחיים! לחיים! (מען טרינקט.)

### מיכלע.

מיר דוכט, אַז מ'קלאַפּט אין טיהר. (זי שטעלט זיך אויף, געהט אַריין אין קיך. אַלע קוקען צו זעהן, ווער ס'איז געקומען. עס הערט זיך אַ הויכער „גוד איוונינג". מען וואַרט, צו זעהן ווער ס'קומט. מיכלע קומט אַריין, נאָך איהר אַ פרעמדער, אונבעקאַנטער איד, מיט אַ געשאָרענע, געדיכטע, ברוינע באָרד, אָנגעטהאָן ווי אַן אַמעריקאַנער „פאָרטגעשריטענער" רעווערענד.) זיי זיינען דער מאַן, וואָס איך האָב אייך דערצעהלט, אַז ער איז דאָ היינט געוועזן בייטאָג.

### דער שדכן.

גוד איוונינג, מזל־טוב אייך, איך ווינש אייך גליק.



### דער פעטער שלמה.

טהענק יו, זיצט, טרינקט דערווייל מיט אונז אַ ביסעל לחיים.

### דער שדכן.

(זעצט זיך.)

קיין גרויסער טרינקער בין איך ניט. אין אונזער „ליין ביזנעס" מוזען מיר זיך דערפון אָבהאַלטען. (ער נעהמט די גלעזעל צו די ליפּען.) לחיים, זאָלען מיר אַלע זיין געזונד און האָבען נחת מיט אַלע אידען. (ער טרינקט אָב אַ ביסעלע.) ביי אייך איז אַ יום־טוב, אַ זוהן האָט געקראָגען אַ דיפּלאָם אויף דאָקטאָר. ס'אַ גרויסער נחת פאַר טאַטע־מאַמע, מ'דאַרף זיך משמח זיין.

### דער פעטער שלמה.

כ'האָב שוין דאָ איבערגערעדט, ווי אַזוי מ'דערווייסט זיך אַזוי גיך.

### דער שדכן.

(שמייכעלט.)

אַז מ י ר זאָלען ניט וויסען, טו ווער דען? אונזער ביזנעס. כ'קען אייך אויסרעכענען, אויב איהר ווילט, אַלע, וואָס האָבען נעכטען געקראָגען דיפּלאָמען אויף דאָקטאָר.

### דער פעטער שלמה.

איהר זאָלט מיר עקסקיוזען וואָס איך וועל אייך זאָגען. ס'קומט ביי מיר אויס, אַז איהר פערשטעהט ניט גוט אייער ביזנעס. דאָ האָבען מיר זיך אַלע געשניטען ביז'ן ביין, איבער די קעפּ אין חובות, מ'דערלעבט שוין צו זעהן דעם דיפּלאָם, קומט מען באַלד אויף מאָרגען מיט אַ שידוך מיט פיער טויזענד טאָלער. ס'איז דאָך קאָם גענוג אויף איינצופיקסען אַן אָפיס מיט אינסטרומענטען מיט אַן אויטאָמאָביל. אַ שטיקעל דענטיסטעל וואָס האָט קאָם אויסגעשטודירט, צי אַ פּראָסטער דראָ־

גיזמען נעהמט דאך היינטיגע צייטען כמעט מעהר ווי צוויי מאל אזוי פיעל.

### דער שדכן.

מעגט איהר מיר טאקע אויך עקסקיוזען. זיי (ווייזט אן אויף מיכלע׳ן) האבען מיר היינט דא ניט געלאזט ריידען, בין איך אויף דעם געקומען נאך אמאל. כ׳האב געזאגט פיער טויזענד טאלער, כ׳האב אבער פלענטי מיט מעהרער אויך. איך פיהר ניט אוים קיין קאמענע פארטייען מיט אפרייטערם. כ׳האב מיט אכט טויזענד און מיט צעהן טויזענד, אפילו צוואנציג טויזענד טאלערדיגע פארטייען האב איך אויך געשלאסען — —

### מיכלע.

(שלאגט איהם איבער.)

מיט צוואנציג טויזענד טאלער?

### דער שדכן.

(שטאלץ.)

יעס — מעם — פלענטי.

### גאסי.

מיט דאקטוירים?

### דער שדכן.

ווי ס׳מאכט זיך. כ׳האב אויסגעפיהרט פארטייען מיט די גרעסטע מאנופעקטשערע לייט; אנדערע גלייכען בעסער לייטע, וואס זיינען אין ביזנעס. די פארטיי וואס כ׳האב דא היינט פארגעשלאגען, איז זעהר א פיין קינד פון האי־סקול, זי איז שוין געווען כמעט א טיטשערקע, ליעבט זיך אין איהר א רייכער ביזנעס־מאן מיט צוויי סטארס, אבער זי וויל בעסער א דאקטאר, ביקאס זי איז דאך אליין אויך אן עדוקייטעטע.

### גאסי.

מיט פיער טויזענד טאלער א דאקטאר!



### מיכלע.

מיט פיער טויזענד טאלער? ווי אזוי קען זי דאס וועלען?

### דער שדכן.

(שמייכעלט.)

אמעריקע איז א פרייע מדינה, מעג זי דאך וועלען אפילו א פראפעסאר אויך. כ׳האב זיי דארטען געפראמיסט צו טרייען. אז זיי וועט שטארק געפעלען ווערען, וועט מען מסתמא קענען ארויסקריגען נאך א פאר הונדערט טאלער. די חתונה וועלען ז י י מאכען.

### גאסי.

(מיט א כאפ.)

הערסט, מאמע, אויב ז י י וועט געפעלען ווערען!

### סיימאן.

מעהר ווי נאך א פאר הונדערט טאלער וועט מען שור ניט קענען קריגען?

### דער שדכן.

קיין מיליאנערען זיינען די לייטע ניט, זיי האבען נאך מיידלעך אויך. כ׳האב פלענטי אנדערע שדוכים זיך אויסצוקלייבען. (ער קוקט זיך ארום.) דער דאקטאר אליין איז דא ניטא, ווי איך זעה. כ׳וואלט געוואלט איהם אנקוקען.

### גאסי.

פונדעסטוועגען איז דאס פון לואי׳ן א גרויסע חוצפה! ער ווייס דאך, אז אהן איהם קען זיך ניט אנהויבען די „פארע“.

### דער פעטער שלמה.

שא, שריי ניט — — אט געהט מען, ווער קומט דארטען?

(אַלע קוקען, צו זעהן, ווער עס קומט. לואי קומט אַריין. הינטער איהם קומט אַ מיידעל פון אַ יאָהר צוואַנציג.)

### לואי.

גוד־איוונינג.

### די מיידעל.

גוד־איוונינג. (אַלע קוקען אָן דער מיידעל. קיינער קען איהר ניט. זי איז איצט דאָ צום ערשטען מאָל. אַלע וואַרטען, אַז לואי זאָל אָנפאַנגען ריידען, ערקלעהרען. נאָר לואי זעהט אויס שטאַרק צושראָקען. אַלע קוקען מיט אויסגעצויגענע פּנים׳ער. מען וויל אויף גיך וויסען ווער די מיידעל איז און צו וואָס זי איז דאָ איצט געקומען מיט לואי׳ן. עס פּאַסט אָבער ניט צו פרעגען. מעהר פון אלע איז גאָסי אונגעדולדיג און נייגיעריג... די מיידעל אַליין איז אין אַ פערלעגענהייט. זי ווייס ניט ווי זיך צו האַלטען. זי פּרובירט שמייכלען... זי איז צושראָקען... אַ פּאָר מינוט האַלט עס אַזוי אָן.)

### לואי.

(נעהמט אָן צערטליך די רעכטע האַנד פון דער מיידעל, רעדט ערנסט און פול מיט בעדייטונג.)

איך האָב דאָס גרויסע גליק היינט... איך דעם טאָג פון אונזער שמחה... פאַרצושטעלען מיין געליעבטע... מיין פרוי — — —

### גאָסי.

(מיט אַ קוויטש.)

וואָס זאָגט ער?

### מיכלע.

האָ, וואָס, האָ?



### דער פעטער שלמה.

ער רעדט, און איך פערשטעה אַ ווארט ניט וואָס ער זאָגט. (אַלע קוקען מיט אויסגעצויגענע פּנים׳ער.)

### לואי.

(זיך שרעקענדיג.)

היינט האָבען מיר זיך פעראייניגט אויף אייביג... אין קאָורט... מיר האָבען געהייראַט אין קאָורט... אַזוי האָבען מיר בעשלאָסען... אונז זאָלען קיינע שטערונגען ניט זיין אין אונזער וועג... אונזער ליעבע האָט ביז היינט געמוזט בלייבען אַ געהיימניס... מיר זיינען אָרעם אין געלד, מיר זיינען אָבער רייך מיט אונזער ליעבע... מיר זיינען גליקליך... — — —

### עני.

(שרייט אויס.)

מאַמע! מאַמע! זעהט וואָס איז מיט דער מאַמען! (עס ווערט אַ טומעל.)

### דער פעטער שלמה.

איהר זעהט ניט, אַז זי האָט גע׳חלש׳ט? בעשפריצט איהר מיט וואַסער! דריקט איהר די שלייפען! (מ׳לויפט אין קיך נאָך וואַסער. די כלה פעררוקט זיך אין אַ ווינקעל, אַ דערשראָקענע, אַ בלאַסע. דער שדכן שאַרט זיך שטילערהייט אַרויס פון הויז אָהן אַ „גוד־באַי“. דער דאָקטאָר קומט צו צו זיין מאַמע. מ׳ברענגט וואַ־ סער און מ׳שפריצט אויף דער גע׳חלש׳טער, מען דריקט איהר די שלייפען.)

### דער פעטער שלמה.

אָבגעמינטערט! אָבגעמינטערט!

### מיכלע.

אוי, זאָגט מיר, וואו בין איך? (מיט אַ געוויין.) לאָזט מיר חלשן!...

### לואי,

מאמע, קום לעג זיך אין בעט. (ער נעהמט איהר פולס, נעהמט ארוים זיין זייגער, הערט זיך איין... דערנאך נעהמט ער ארוים פון קעשענע א פאונטיין־פען מיט א בלעטעל פאפיער און שרייבט עפעס אן. געהט אימיצער אראב אין דראג־סטאר. (עני נעהמט דעם רעצעפט און געהט ארוים. לואי בעט זיך.) קום מאמע, לעג זיך אין בעט. (גאסי זיצט מעהר דערשלאגען פון אלעמען.)

### מיכלע.

(מיט גאל.)

איך דארף ניט, איך וויל ניט געהן אין בעט... מיר איז גוט דא... איך וויל אנקוקען מיין גרויסען נחת, וואס כ'האב דערלעבט צו זעהן...

### סיימאן.

אז מ'וואלט מיר פאר א יאהרען געפאלגט, בשעת ס'האט זיך געמאכט מיט די צוויי טויזענד טאלער...

### דער פעטער שלמה.

(צו סיימאנ'ען.)

קומט גאר אויס, אז דו ביזט דער חכם. (ער קומט צו צום דאקטאר, נעהמט אן זיין אויער, דרעהט, אהן כעס.) יעס, דו שניידסט זיך אויף א גרויסען דאקטאר! דו האסט אונז היינט אלעמען געמאכט א גוטע אפעראציע.

### גאסי.

(מיט שווערע זיפצען, זיך שאקלענדיג, מיט ארעמס פערפלאכטען אויפ'ן ברוסט.)

אוי, אן אפעראציע, אוי, האט ער אונז געמאכט אן אפעראציע!...

(פארהאנג.)

## דער נייער גלות

# דער נייער גלות

## פערזאָנען:

ד ע ר  אַ ל ט ע ר
ד י  אַ ל ט ע.
ד ע ר „ל י ס ט ע ר“.
ד ע ר  ד ז ש ע נ י ט אָ ר.
ד י „ד ז ש ע נ י ט אָ ר ק ע“

### 1.

### ביים טענאַנט.

אַ פראָסטיגער זונטאָג אין דער פריה, אַרום עלף אַ זייגער. דער פראָסט פיהלט זיך אין דער בראָנקסער „דיינינג־רום“, וואו די געשיכטע קומט פאָר, ניט פיעל שוואַכער ווי אויפ׳ן גאַס.

ווען דער פאָרהאַנג הויבט זיך אויף, קומען אַריין פון קיך דער אַלטער און די אַלטע. ביידע טראָגען „סוועטערס“, נור די אַלטע האָט אויפ׳ן „סוועטער“ אַ היימישע פאַטשיילע. זי ברענגט מיט זיך דעם וואַלגערהאָלין און הויבט אָן קלאַפּען אין אַ זייט פון „רעדיאַיטאָר“.

### דער אַלטער.

(שטעכעדיג.)

האָסט געדאַרפט בעסער קלאַפּען מיט׳ן האַקמעסער, וואָלט געווען שטאַרקער.

### די אַלטע.

מיינסט, אַז פון שטאַרקערע קלעפּ וועט ווערען וואַרימער?

כ׳האב מורא, איידער דער ווינטער וועט אוועקגעהן, וועלען מיר דא אויספריהרען.

דער אלטער.

(מיט פארוואורף.)

כ׳האב זיך גענוג געבעטען, כ׳דארף ניט קיין בראנקס! ווער האט מיר געהערט און ווער האט מיר געפאלגט? מיר שטעכט שוין אין פלייצע פון די קעלט, וועסט מיר באלד דארפען גוט איינרייבען.

די אלטע.

נעהם טהו אן דעם מאנטעל און וויקעל זיך מיט עפעס ארום דעם האלז. וואס געהסטו ארום א נאקעטער אין אזא פראסט? אין א סוועטער געהט ער! די פיס זיינען ביי מיר ווי שטיקער אייז, הלואי האב איך א פאר וואליקעס מיט א פייערטאפ.

דער אלטער.

(מיט פארוואורף.)

האסטאך געוואלט בראנקס!

די אלטע.

א י ך האב געוואלט אין די בראנקס? די קינדער האבען ניט געלאזט צורוה. זיי האבען מיר דעם טויט געמאכט — בראנקס.

דער אלטער.

(קיבעצט.)

טו קלאפ, וועט דיר דערפון ווערען א סך ווארימער. די קינדער האבען געוואלט! אלץ מוזען זיי ביי איהר אויספיהרען! אז זיי וואלטען דיר הייסען קריכען אויפ׳ן דאך?

די אלטע.

טהו אן דעם מאנטעל און פארוויקעל זיך מיט עפעס דעם



האלז! כ׳האב קיין צייט ניט און קיין כח ניט צו שטעלען זיך איצט רייבען דיר די פלייצעס.

דער אלטער.

(נעהמט דעם מאנטעל.)

האלט צו, העלף מיר, כ׳קען ניט אויסציהען די האנד.

(די אלטע העלפט איהם אנטהאן דעם מאנטעל.)

דער אלטער.

כ׳וועל שוין פאר איין גאנג אנטהאן די הענדשקעס אויך.

(ער טהוט אן.)

די אלטע.

די „ראבבערס“ וואלט דיר אויך ניט געשאדט. געה אריין אין בעד־רום און דעק נאך מיט עפעס צו די קינדער. לייג אן אויף זיי וואס דו קענסט געפינען. זיי וועלען דארט פארפרארען ווערען אין די בעטען.

(דער אלטער געהט אין בעד־רום און קומט באלד ארוים צוריק.)

דער אלטער.

האסטאך שוין אלץ אנגעוואליעט אויף זיי. ס׳איז ניטא מעהר וואס צו לייגען. (קיבעצט.) קלאפ, קלאפ, שעהם זיך ניט, זשאלעווע זיי ניט, ברענג דעם האקמעסער.

די אלטע.

זאל דעם לענדלארד מיט׳ן „ליסטער“ אזוי קלאפען אין קאפ און זאל זיי אזוי העלפען, ווי ס׳וועט מיר דא העלפען דער קלאפען.

דער אלטער.

קענסט צורעכענען דעם דזשעניטאר אויך. (מיט פארוואורף און שפאט.) די קינדער האבען געוואלט! וואו שטעהט דאס געשריעבען, אז קינדער דארפען אלץ אויספיהרען? אז זיי הייסען דיר קריכען אויפ׳ן דאך, מוזטו זיי אויך פאלגען? כ׳זיץ

אַפּ אַזוי פיעל יאָהרען דאָרט טאָון און כ׳לעב, גאָט צו דאַנקען. דאַרף איך גאָר אין מיטען דערינען קריכען אין די בראָנקס, מיט אַ געזונטען קאָפּ אין אַ קראַנקען בעט! אויפ׳ן סטריט איז וואַרימער, ווי אין די רומס מיט די סטים היט און הייסע וואַסער מיט אימפּרואוומענטס! קלאַפּ, ס׳וועט דיר אַ סך וואַרימער ווערען!

(ס׳קלינגט.)

## דער אַלטער.

ווער קען דאָס זיין?

## די אַלטע.

ווער קען דאָס זיין?

(זיי געהען צום טיר, עפענען. דער דזשעניטאָר קומט אַריין.)

## דער דזשעניטאָר.

(אַ בייזער.)

איהרטאָר צוברעכען דעם „רעדיאייטאָר" מיט אייער קלאַפּען. קיין סטים היעט וועט איהר ניט אַרויסקלאַפּען. איהר קענט זיך אַרויסקלאַפּען אַ מוח־צעטעל.

## די אַלטע.

(אַ דערשראָקענע.)

ווער האָט געקלאַפּט?

## דער אַלטער.

(אויך אַ דערשראָקענער.)

מיר האָבען ניט אָנגעריהרט דעם „רעדיאייטאָר".

## די אַלטע.

מסתמא אין אַנדערע רומס. מיר ריהרען קיינמאָל ניט אָן דעם „רעדיאייטאָר". (זי כאַפּט זיך, אַז זי האַלט דעם וואַלגערהאָלץ אין האַנד און זי בעהאַלט די הענד אויף הינטען.)



## דער אַלטער.

וואָס האָבען מ׳יר צו קלאַפּען דעם „רעדיאייטאָר"?

## דער דזשעניטאָר.

דערצעהלט מ׳יר קיין מעשׂות ניט! כ׳בין שוין אין די זאַכען אַן אויסגעבונדענער און מ׳קען מיר ניט נאַרען. איך דערגעה שוין, פון וואַנען דער קלאַפּען קומט. מיט עטליכע וואָכע צוריק האָט מען געמאַכט צוויי טענענטס צו מופען פאַר׳ן קלאַפּען. (ער דערזעהט, ווי דער אַלטער נעהמט אַרויס אַ פּעקעל סיגאַרעטס, בייט זיך זיין שטרענגער טאָן אויף אַ מילדערען) דער קלאַפּען העלפט ניט, ס׳איז אַרויסגעוואָרפען די אַרבייט. איהר האָט אפשר אַן איבעריגען סיגאַרעט?

## דער אַלטער.

(מה יפית׳דיג.)

יע, שור, שור (דערלאַנגט איהם אַ סיגאַרעט) נעהמט נאָך אייגעם (דערלאַנגט איהם נאָך איינעם).

## דער דזשעניטאָר.

(לעגט אַריין בײדע סיגאַרעטס אין קעשענע און רעדט פריינדליך.)

כ׳זאָג אייך דעם אמת, ס׳איז מיר אַ רחמנות אויף די טענענטס. מענשען צאָהלען אַפּ בלוטיגע געלט פאַר רענט מיט סטים היט.

## די אַלטע.

זעהט מ׳יין מאַן! מוז ער געהן אָנגעטאָן אין שטוב ווי אין גרעסטען פראָסט און כ׳האָב מורא אַרויסצולאָזען די קינדער פון די בעטען.

## דער דזשעניטאָר.

איהר ווייסט גאָר ניט וואָס פאַר אַ שנאָרער דאָס איז! אַ „ליסטער" אויף דער וועלט! דעם גאַנצען טאָג האַלט ער מיר אין איין וואַטשען, כ׳זאָל ניט מאַכען דעם „היטער" מיט׳ן „באָילער". וואָס כ׳שטעה זיך פון איהם אוים צרות! אַלע ווײלע צעהלט ער מיר איבער די קויהלען.

### די אַלטע.

פאַר וואָס צאַהלט מען איהם געלט?

### דער אַלטער.

אַזעלכע געלט!

### דער דזשעניטאָר.

דאַס פרעג איך דאָך און טענה מיט איהם! אַלע טאָג געהט דאָס אין שוהל מיט טלית און תפילין און רעיזט נאָכאַנאַנד די רענט! טאָמער וואָס נאָר אַ האָאָר, איז באַלד אַ מופּצעטעל. ער׳ט דאָ באַלד ביי אייך זיין, דער טייערער צאַצע! דערלאַנגט איהם וויפיעל אין איהם וועט אריין און רעכענט זיך שוין אָפּ פאַר מיר אויך.

### די אַלטע.

(מיט אַ כאָפּ.)

וואָס טהוט ער דאָ? דער וויפיעלטער איז היינט? כ׳האָב גאָר אין גאַנצען פאַרגעסען.

### דער דזשעניטאָר.

איהר ווייסט ניט? היינט איז דער צווייטער, נעכטען איז דאָך געווען דער ערשטער. אַזוי איז ער באַלד דאָ דעם ערשטען באַגינען. איז דאָך נעכטען געווען שבת, איז שוין איהם מסתמא ניט איינגעגאַנגען דער דאַווענען מיט׳ן תהילים־זאָגען, אַ גאַנצען טאָג האָט איהם מסתמא „געראָפּעט“, וואָס ער מוז וואַרטען ביז היינט מיט די רענט. אַ קלייניגקייט, אַזאַ שנאָרער מוז וואַרטען ביז׳ן צווייטען.

### די אַלטע.

כאָטש אַמאָל אַ טראָפּען הייסע וואַסער... אַמאָל מאַכט זיך, די קינדער ווילען נעהמען אַ וואַנע, איז קיינמאָל ניטאָ אַ טראָפּען הייסע וואַסער.

### דער דזשעניטאָר.

וואָס זאָל איך טאָן, אַז ער וואַשט מיר נאָכאַנאַנד דעם



„באָילער“?! כ׳וועל איהם מוזען איבערלאָזען מיט ביידע היי־זער און אַנטלויפען פון דאַנען, כ׳קען שוין דאָס אַליין ניט צוזעהן.

### די אַלטע.

וואו איז ער איצט?

### דער דזשעניטאָר.

ער האָט איצט אָנגעהויבען קאָלעקטען אויפ׳ן „סטופּ“. איהר דאַרפט זיך ניט שרעקען. ער׳ט זיך אָן אייך ניט פאַר־געסען. דערלאַנגט איהם, ער זאָל ניט וויסען פון וואַנען ס׳איז איהם געקומען. ביי מיר ווערט דאָס אָנגערופען דזשאָסט די סיים ווי געגנב׳עט פון די קעשענעס. מ׳צאָהלט דיר געלט פאַר סטים היט מיט הייסע וואַסער, פאַר וואָס גיסטו ניט? פאַר־שטעלט זיך נאָך פאַר אַ גאַנצען צדיק! גוד באַי. (ער געהט צום טיר.)

### די אַלטע.

(געהט איהם נאָך בעגלייטען.)

אפשר וואָלט איהר פונדעסטוועגען געקענט מאַכען אַ טראָ־פען וואַרימער אין די רומס?...

### דער דזשעניטאָר.

(שטעלט זיך אָפּ און קעהרט זיך אום.)

אַז ער וואָלט זיך מיר דאָ ניט אַרומגעדרעהט איבער די פלאָרס, וואָלט איך געטרייט אַריינ׳גנב׳ענען אַביסעל סטים. ער קען נאָך קריגען די „פּאָפּלעקציע“ — ס׳איז שוין צייט פאַר איהם — און מיר אויפעסען אַ לעבעדיגען, אַז ער׳ט דערזעהן, איך ריהר אָן אַ קויהל. איהר ווייסט ניט, וואָס אַ דבר אחר דאָס איז. גוד־באַי. (ער געהט אַרויס.)

### דער אַלטער.

גיב איהם ניט די רענט, אַז ער׳ט אַרויפקומען. „נאָו טשעקי, נאָו וועשי“. וועסטו געבען סטים היט מיט הייסע וואַסער, וועסטו קריגען די רענט. אומזיסט גיב איך קיין געלט ניט.

מ׳דאַרף אויפוועקען די קינדער, ס׳איז שוין נאָך עלף דער זייגער.

### די אַלטע.

טשעפּע זיי ניט, זאָלען זיי נאָך בעסער ליגען אין דער וואַרעם. ס׳איז אַ ריזיקע אַרויסצושטעקען אַ פוס פון בעט. אפשר נאָך האַלבען טאָג וועט ווערען אַביסעל וואַרימער. (זי טאַפּט דעם רעדיאַיטאָר.) ניט ס׳הערט זיך און ניט ס׳זעהט זיך. מיינע העט זיינען ווי די העלצער. (זי הויכט אין בײדע הויפּענס.)

### דער אַלטער.

(פערצווייפעלט.)

וואָס קען דערפון זיין דער תכלית? ביז פּסח איז נאָך גוטע זיבען וואָכען. און פּסח, מיינסטו, מוז שוין זיין וואַרים? ס׳גיט זיך אַמאָל איין אַ פּסח, וואָס איז אַזוי קאַלט ווי אין מיטען ווינטער. כ׳שריי אַלץ און זאָג דיר, אַז מ׳טאָר ניט נאָכגעבען קינדער אַלץ, וואָס זיי פערוועלט זיך. אַז זיי הייסען דיר קריכען אויפ׳ן דאַך? מיט וואָס איז מיר שלעכט געווען דאַון־טאַון? אָפּגעוואוינט אַריבער אַכצעהן יאָהר דאַון־טאַון און איך לעב, גאָט צו דאַנקען. מ׳האָט דאָך געקענט כאָטש אָפּוואַרטען מיט בראָנקס מיט די סטים היט ביז זומער. ס׳האָט דאָך ניט געברענט! אַז זיי הייסען דיר קריכען אויפ׳ן דאַך!...

(ס׳הערט זיך אַ מיידעלשער קול פון בעדרום: „מאַמע!“ די אַלטע לויפט אין בעד־רום, קומט באַלד אַרויס צוריק.)

### די אַלטע.

זיי ליגען שוין דאָרטען פאַר׳חלש׳טע. כ׳וועל זיי פון בעט ניט לאָזען אַרויסקריכען! אויפקאָכען אַ גלאָז טהעע, באַשמירען אַ ראָל מיט פוטער...

(ס׳קלינגט.)

### די אַלטע.

דאָס מוז זיין ע ר.



### דער אַלטער.

לאָז מיר איהם דערלאַנגען.

### די אַלטע.

וועסט ניט וויסען, וואָס צו זאָגען. א י כ ׳ ל איהם זאָגען.

(זיי געהען בײדע צום טיר, עפענען. דער „ליסטער“ קומט אַריין. ער זעהט אויס ווי אַן אָרימער איד, מיט אַ גרויליכע באָרד. אין סך־הכל מאַכט ער דעם אַיינדרוק פון אַ (געוועזענעם) שנאַפּס־פעדלער.)

### דער „ליסטער“.

גאָט־העלף.

### בײדע.

גאָט־העלף, גוט יאָהר.

### די אַלטע.

(מיט חניפה.)

זיצט.

### דער אַלטער.

(אויך מיט חניפה.)

זיצט.

### דער „ליסטער“.

כ׳האָב ניט פיעל צייט. (ער זעצט זיך. נעהמט אַרויס פון בוזעם־קעשענע אַ פּעקעל „רעסיטס“, קלויבט אויס איינעם, נעמט עס צווישען די פינגער.)

### די אַלטע.

(מת ופית׳דיג.)

כ׳האָב אייך געוואָלט פרעגען, וואָס טהוט מען... ס׳איז אַזוי קאַלט אין די רומס...

### דער אַלטער.

(רחמנות׳דיג.)

ס׳איז ניט אויסצוהאַלטען.

### די אַלטע.

(מיט געבעט.)

ס׳טרעפט מ׳דאַרף אַמאָל אַביסעל וואַרימע וואַסער, איז קיינמאָל ניטאָ. כ׳וואַרף קוואַדערס אין די געז צו מאַכען אַביסעל הייסע וואַסער, אַז כ׳דאַרף.

### דער אַלטער.

וואָס זאָל מען טהאָן...

### דער „ליסטער“.

(פערצווייפעלט.)

וואָס זאָל איך טהאָן, אַז כ׳האָב אַ דזשעניטאָר, וואָס הערט מיר ווי די קאַץ און כ׳קען זיך ביי איהם ניט דערבעטען, ער זאָל אַמאָל מאַכען דעם „היטער“ מיט׳ן „באָילער“. איך האָב קיין האַרץ ניט אַריינצוקומען אין די הייזער נאָכ׳ן רענט. ווי קען איך נעהמען פון מענשען געלט, אַז כ׳גיב זיי ניט וואָס כ׳האָב זיך מיט זיי באַדונגען!... ס׳איז מיר אַ רחמנות אויף אַ הויז מיט טענעטס, אַז כ׳שעהם זיך צו ווייזען די אויגען פאַר זיי. וואָס זאָל איך טהאָן? כ׳קען זיך קיין עצה ניט געבען.

### די אַלטע.

אין הויז איז אַזוי ווי אין דרויסען.

### דער אַלטער.

אפשר נאָך ערגער.

### דער „ליסטער“.

איהר דאַרפט מיר זאָגען? כ׳ווייס ניט? כ׳האָב אויף מיין גאַנצען לעבען ניט געזעהן אַזאַ פוילען הונט. כ׳בעט זיך ביי איהם: אַ הויז מיט טענענטס דאַרפען האָבען אַביסעל סטים היט, הערט ער מיר ווי די ראָבע קאַץ. אַז איך ווייס



גאָר ניט וואָס ער טהוט גאַנצע טעג! כ׳זאָלעזווע דען קויהלען, ווי אַנדערע? ס׳פעהלט, גאָט צו דאַנקען, ניט קיין קויהלען. כ׳וועל איהם מוזען אַרויסוואַרפען פון דאַנען און דינגען אַ ניגער. איז אָבער די צרה, וואו נעהמט מען זיי? מ׳מוז היינ־טיגע צייטען שטעהן אָהן אַ היטעל פאַר׳ן דזשעניטאָר און זיי אָפּגילטען, אפילו אַ ניגער אויך, האָב איך מורא, איך וועל בלייבען אינגאַנצען אָהן אַ דזשעניטאָר.

### די אַלטע.

(זיפצט.)

וואָס טהוט מען? וואָס טהוט מען?

### דער אַלטער,

גיב זיי די רענט.

(די אַלטע געהט אַריין אין בעדרום.)

### דער „ליסטער“.

מוז מען ליידען און שווייגען. ס׳וועלען אונטערקומען די וואַרעמע וועטערען, וועט מען איהם שוין דאַרפען אויף כפרות.

### דער אַלטער,

איהר זעהט, כ׳מוז געהן אַנגעפּעלצט אין די רומס.

### דער „ליסטער“.

די וואַרעמע וועטערען וועלען אונטערקומען...

(די אַלטע קומט אַריין, דערלאַנגט דעם „ליסטער“ אַ פּעקעל געלד. ער צעהלט איבער צוויי מאָל — איין מאָל פון זיך, איין מאָל צו זיך, ביידע מאָל איינטונקענדיג דעם פינגער אין מויל; לייגט אַריין ס׳פּעקעלע אין בוזעם קעשענע און דערלאַנגט איהר דעם רעסיט. ער שטעלט זיך אויף.)

### דער „ליסטער“.

(געהט צום טיר.)

כ׳וועל אפשר קענען פון איהם פּטור ווערען. פאַר אַ ניגער

דארף מען דאך היינט אויך שטעהן אהן א היטעל און איהם אפגילטען.

### די אלטע.

אז ס׳וואלט ניט געווען אזוי קאלט אין די רומס...

### דער „ליסטער“.

ס׳עלען אונטערקומען די ווארימע וועטערען — א גוטען טאג.

### ביידע.

א גוטען טאג, געהט געזונטערהייט.
(דער „ליסטער“ געהט ארויס.)

### די אלטע.

(מיט א כאפ.)

די קינדער ווערען מיר דארטען פער׳חלש׳ט! אפשר ווע־לען זיי גאר עסען אביסעל „אטמיעל“... צושטעלען א גלאז טהעע (זי כאפט די טהעע־קאן, דרעהט אפ דעם קראן אין סינק.)

(פארהאנג.)

## ביים דזשעניטאר אין בייסמענט, א פערטעל שטונדע שפעטער.

אין דעם דזשעניטאר׳ס דירה אונטער דער גרויסער טענעמענט־הויז איז פינסטערליך צוליעב דעם, וואס די פענסטער זיינען צרה׳דיגע און נאך מעהר דערפאר, וואס די „דזשעניטארקע“ וואשט היינט וועש און די הויז איז אנגעפילט מיט דער פארע פונ׳ם קעסעל אויפ׳ן אויווען. דערפאר האט עס די מעלה וואס דערפון איז ווארימער



אין הויז. אין אזא טאג ווי היינט איז א כפרה די ליכטיגקייט פאר די ווארימקייט.

בשעת דער פארהאנג הויבט זיך אויף, איז די „דזשעניטארקע“ פערטאן מיט׳ן אויווען, מיט׳ן קעסעל וועש. זי מישט מיט א שטיק האלץ אין קעסעל, אנטלויפט פון דער געדיכטער פארע, כאפט אפ דעם אטעם, קומט צוריק און מישט ווידער.

דער „ליסטער“ מיט׳ן דזשעניטאר קומען אריין.

### דער „ליסטער“.

הו־ו־ו דא איז ווארעם, א מחיה, כ׳וועל זיך אברוהען א ווייל און זיך דורכווארעמען. (ער בעטאפט די טהעע־קאן אויפ׳ן אויווען.)

### דער דזשעניטאר.

זעצט זיך. אפשר מאכען א גלאז טהעע?

### די „דזשעניטארקע“.

(טהוט א קרומען קוק אויף זיי ביידען.)

כ׳האב ניט קיין צוקער אין הויז.

### דער „ליסטער“.

ס׳איז ניט נויטיג. כ׳האב זיך מיטגעבראכט. (ער שפילעט פאנאנדער דעם מאנטעל, נעהמט ארויס פון איין קעשענע צוויי בייגעל, לייגט אוועק אויפ׳ן טיש; נעהמט ארויס פון דער צווייטער קעשענע א פלעשעלע מילך, שטעלט אוועק.) פאראן אפשר וואס אונטערצושפרייטען? (ער קוקט זיך ארום.)

(דער דזשעניטאר קוקט זיך אויך ארום. נעהמט אראפ דעם האנטוך, לייגט עס צוזאמען אין צווייען און פערשפרייט אויפ׳ן ברעג טיש. דער „ליסטער“ וואשט זיך ביים סינק, זאגט אונטער׳ן נאז „שאו ידיכם“, ווישענדיג די הענט מיט א ברעג האנטוך, זעצט זיך אוועק, מאכט „המוציא“, שטעקט אריין די מיטעלסטע פינגער

פוןביידע הענט אינ׳ם לאך פון א בייגעל, רייסט עס איבער און בייסט אפ.)

### דער „ליסטער“.

(קייענדיג.)

דער רעכטער עיקר איז, אז איהר זאלט זיך פאר זיי ניט איבערשרעקען, אז זיי הויבען אן מיט זייערע שטיק מיט סטים היט און הייסע וואסער. זאלען זיי זיך קאכען, איהר דארפט זיך ניט מאכען וויסענדיג.

### דער דזשעניטאר.

זאל איך אזוי מורא האבען פאר זיי טויטערהייט. קויהלען גיט׳ן אייך אומזיסט?

### דער „ליסטער“.

(שמוט א זופ פון פלעשעל.)

ארויסגעווארפען די קויהלען. ס׳איז סיי ווי סיי ביי זיי ניט אנגעלייגט.

### דער דזשעניטאר.

מ י ר דערצעהלט איהר? איך קען זיי ניט, ווער זיי זיינען? ס׳איז אלץ דיזעלביגע, גיט זיי יע סטים היט, גיט זיי ניט, ארויסגעווארפען ווי פאר׳ן חזיר.

### דער „ליסטער“.

(קייענדיג.)

אז זיי נעהמען שרייען, זאגט, אז איך גיב קיין קויהלען ניט. ווען זעהען זיי מיר, איינמאל א חודש? זאג איך זיי, אז איהר זייט שולדיג, איהר ווילט ניט מאכען דעם „היטער“ מיט׳ן „באילער“.



### דער דזשעניטאר.

אז מיר זעהען זיי אלע טאג, דערשרעק איך זיך פאר זיי? איהר קענט אלץ ווארפען אויף מיר. איך וויים שוין ווי זיי צו „מענעדזשען“.

(דער „ליסטער“ שלינגט אראפ דעם לעצטען ביסען, קריגט ארויס פון פלעשעל דעם לעצטען טראפען, רייבט אפ די הענט איינע אן די אנדערע און בענשט מיט פארמאכטע אויגען, בעוועגענדיג לאנגזאם מיט׳ן קאפ אויף ביידע זייטען. ער ענדיגט בענשען, שטעלט זיך אויף.)

### דער „ליסטער“.

(געהט צום טיר.)

אז זיי נעהמען שרייען, זאגט זיי ס׳וועט אונטערקומען די ווארעמע וועטערען.

### דער דזשעניטאר.

ס׳אלרייט, מ׳דארף מיר ניט לערנען וואס צו זאגען.

(דער „ליסטער“ געהט ארויס.)

### די „דזשעניטארקע“.

(ברוגז.)

טהעע הייסט ער איהם געבען! צוויי און צוואנציג סענט א פונט צוקער! מיינע יסורים וועל איך איהם געבען!

### דער דזשעניטאר.

(פערענטפערט זיך.)

פון מיינעטוועגען מעג ער טרינקען פעך. כ׳זעה ער טאפט דעם טשייניק, ס׳האט זיך געפאסט אזוי צו זאגען.

### די „דזשעניטארקע“.

אזא פאסקודנער שנארער! זאל ער האבען די מכות מיט וויפיעל הונדערטערס ער טראגט זיך ארום היינט אין די קשעע־

נעס, קומט ער ביי מיר טרינקען טהעע. א מצוה האב איך, העלף איהם אפנארען אלע טענענטס. וואס'אי, ער'ט מיר געבען א חלק אין זיינע „פראפערטיס”! אזא פאסקודנער שנארער! הלואי דערלעבט ער מעהר ניט צו קומען אהער מיט זיינע „פראפעטעס” אינאיינעם.

## דער דזשעניטאר.

(ארויסנעהמענדיג ביידע סיגארעטס פון קעשענע, בעטראכט זיי גוט.)

הלואי כאטש היינטיגען טאג. (פעררויכערט.)

(פארהאנג.)

# ביידע

# בײדע.

## פּערזאָנען:

די װײב.
דער מאַן.
די געליעבטע.

עס קומט פאָר בײ דער געליעבטער אין צימער.

װען דער פאָרהאַנג הױבט זיך אױף, שטעהען דער מאַן און די געליעבטע בײם טיהר אין הינטער־גרונד. ער איז אַ שעהן־געקלײדעטער מאַן פון אַ יאָהר דרײסיג. ער האַלט דעם אױבעררראָק פערװאָרפען אױפ׳ן לינקען אָרעם, הוט און שטאָק אין האַנד. ער האַלט איהר רעכטע האַנד אין זײנער. זײ קושען זיך. ער געהט אַרױס.

די געליעבטע איז אַרום פערציג. זי איז אָנגעטאָן גאַנץ הײמיש, אין אַ קימאָנאַ פון טונקעל־רױטען קאָליר, גאַנץ טיעף אױסגעשניטען אַרום האַלז, מיט ברײטע אַרבעל. איהרע האָר זײנען ניט אין גוטער אָרדנונג.

װען דער מאַן געהט אַרױס, בלײבט זי שטעהן בײ דער אָפענער טיהר און קוקט איהם נאָך, שמײבעלט, װינקט צו איהם מיט׳ן האַנד און זאָגט: „גוטע נאַכט“. זי פערמאַכט די טיהר און געהט צו צום שפּיעגעל, בעטראַכט זיך אױפמערקזאַם, נעהמט צוקלײבען איהרע האָר.

עס הערט זיך אַ קלינגען. זי געהט שנעל אַװעק פון שפּיעגעל, דריקט דעם קנעפּעל, עפענט די טיהר און בלײבט װאַרטען.

די װײב בעװײזט זיך. זי איז אַ שעהנע פרױ פון אַ יאָהר דרײסיג, רײך געקלײדעט. זי בלײבט שטעהן בײם טיהר.

די ווייב.

גוטען אבענד.

די געליעבטע.

(בעקוקט איהר, ניט זיכער).

גוטען אבענד.

די ווייב.

ענטשולדיגט מיין קומען אהער. איך רעכען, איהר פערשטעהט ווער איך בין.

די געליעבטע.

(שטאמעלט.)

איך ווייס נים.

די ווייב.

וועל איך אייך זאגען. איך בין זיין ווייב.

די געליעבטע.

וועמעס ווייב?

די ווייב.

אה, איהר שטויסט זיך שוין געווים אן, וועמעס ווייב איך בין. נור, אויב איהר ווילט ניט אנדערש, וועל איך אייך זאגען. איך בין זיין ווייב, אט דער מאן, וואס איז מיט עטליכע מינוט פריהער ארוים פון דאנען.

די געליעבטע.

(שטאמעלט).

איהר האט א טעות... ביי מיר איז קיינער ניט געווען.

די ווייב.

איהר זעהט, איך בין געקומען אהער באלד ווי ער איז פון דאנען ארוים. דאס איז ביי מיר פון פריהער געווען אזוי אויסגערעכענט. איך האב געקענט אריינפאלען דא צו אייך, ווען ער איז נאך דא געווען און עס וואלט פארגעקומען א סקאנדאל, היסטעריקע, די אלטע בעקאנטע מיאוס'ע סצענע... איך האב מיך איינגעהאלטען ניט צו זיין האסטיג. איך האב מיך גע-



צוואונגען צו זיין קאלטבלוטיג... ניט פאר אייך... פערהיטען מיין עהרע, מיין מאנ'ס... מיינע קינדער'ס... מעג איך זיך זעצען? איך פיהל ניט גוט.

די געליעבטע.

אויב איהר ווילט.

די ווייב.

(געהט צו צום טיש און זעצט זיך).

און איך בעט אייך, זעצט זיך אויך. ווי איהר זעהט, האבען מיר זעהר ערנסטעס צו ריידען. (די געליעבטע, ווי געצוואונגען, זעצט זיך). לאמיר ריידען. איך וואלט זעהר צופרידען געווען, מיר זאלען קענען אויף א פרידליכען, אנשטענדיגען וועג שליכטען די ניט-אנגענעהמע געשיכטע, און איך וויל, מיר זאלען ניט פערלירען אומזיסט צייט. (מיט אן איינגעהאלטענער, שטילער אויפרעגונג) און זאגט מיר ניט, אז איהר ווייסט פון גארניט; זאגט מיר ניט, אז איהר קענט גארניט מיין מאן... זאגט מיר ניט, אז ער איז דא מיט עטליכע מינוט צוריק ניט געווען ביי אייך... זוכט מיך ניט צו נארען... איהר קענט מיך ניט מאכען צום נאר...

די געליעבטע.

(ניט אנקוקענדיג דער ווייב).

איך בעט איהם ניט, ער זאל אהער קומען...

די ווייב.

(שמייכעלט סארקאסטיש).

נו, דאס איז דאך אומזיסט גערעדט... איהר בעט איהם ניט... אז איהר וואלט איהם ניט געבעטען און ניט געוואלט, וואלט ער צו אייך ניט געקומען. (מיט'ן זעלבען שמייכעל) אפשר וויל ער אליין אויך גארניט קומען אהער, נור מען צווינגט אייך ביידען, איהר זאלט זיך צוזאמענקומען... נאריש! אויב איהר דענקט אנצוגעהן מיט אזעלכע רייד, וועל איך דא ניט פיעל צייט פערלירען. איך וועל אוועקגעהן און וועל טהאן, וואס איך

וועל מוזען טהאן, צוריק גלייך צו מאכען מיין מאן, צו פערהיטען מיינע קינדער... איהר וועט זיך ניט בעסער מאכען...

די געליעבטע.

(דערשלאָגען).

וואס האב איך צו פערלירען?

די ווייב.

דאס ווייס איך ניט. איך ווייס זעהר וועניג פון אייך. לאמיר די זאך בעקלעהרען, אפשר איז דא אן אויסוועג, עס זאל גרינגער זיין פאר אלעמען.

די געליעבטע.

טהוט ווי איהר פערשטעהט, מיר איז אלץ איינס...

די ווייב.

איהר רעדט ווידער ניט קלוג. איך וויל ביי אייך פרעגען, מיינט איהר כאטש ביי זיך, אז איהר זיינט גערעכט, איהר האט כאטש דאס קלענסטע רעכט; מיינט איהר, איהר האנדעלט עהרליך?...

די געליעבטע.

איך קלעהר ניט איבער.

די ווייב.

יא... איהר קלעהרט ניט איבער... איך בין זיין פרוי, מיר האבען קינדער; מיר זיינען אנשטענדיגע מענשען.

די געליעבטע.

(שוואך).

דאס בין איך אויך.

די ווייב.

(אונטערדריקט א שמייכעל).

גוט. עס פרעהט מיך דאס צו הערען. אונזער פאמיליע איז אין געפאהר רואינירט צו ווערען דורך אייך. איהר וועט זיין די שולדיגע. און איך וויל אייך קלאהר מאכען איין געוויסע זאך, וואס איז זעהר וויכטיג פאר אייך צו וויסען. איך ווייס



ניט, וואס ביי אייך ביידען קומט פאר, וואס איהר רעדט; מיין מאן זאגט אייך אפשר צו גליקען — זאלט איהר וויסען, אז איהר קענט מיין מאן פון מיר ניט אוועקנעהמען; אויף שטענדיג, אויף אלע מאל וועט איהר איהם ניט האבען. איך קען מיין מאן. ער זעהט זיך מיט אייך, ער קומט צו אייך, אזוי לאנג ווי ער דענקט, אז קיינער ווייס ניט דערפון. איך און די קינדערלעך זיינען ביי איהם זיין גאנץ לעבען; ער האט אונז ליעב; מיר זיינען איהם טהייער. ער קומט צו אייך — פאר וואס? נו, דאס איז שוין די געוויסע שוואכקייט... זיי מוזען א נאש טהאן... זיי מוזען האבען א פרישען ביסען, מעג עס זיין אן ערגערער... ער ווייס דאך, און איהר וועט דאך אליין צוגעבען, אז איך בין אינגער און שעהנער פון אייך... איהר זאלט אבער וויסען: מיט איין ווארט מיינעם נעהם איך איהם פון אייך אוועק, ער וועט אייך מעהר ניט זעהן.

די געליעבטע.

האט איהר דאך ניט געדארפט קומען אהער צו מיר.

די ווייב.

איך בין געקומען צו אייך דארום, ווייל איך וויל מיט מיין מאן ניט ריידען וועגען אייך; איך וויל ניט ער זאל וויסען, אז איך ווייס פון אייך... איך וויל ניט, ער זאל וויסען, אז איך ווייס פון איהם ניט שעהנע זאכען. איך וויל, ער זאל שטענדיג האלטען הויך זיין קאפ און קוקען מיר גלייך אין די אויגען אריין. איך זאג איהם איין ווארט נור, און ער זעהט אייך מעהר קיינמאל ניט. אונזער לעבען, אבער, וועט ניט זיין מעהר דאס, וואס געוועזן... איהר האט זיך אריינגעמישט אין אונזער לעבען אזוי ווי א פליעג, וואס פליהט אריין אין בעכער וויין... איך וויל די פליעג שטילערהייט ארויסווארפען... ער טאר ניט וויסען אז איך ווייס פון אייך ביידען... עס מוז זיין ווי גארניט געוועזן...

די געליעבטע.

אלץ ווילט איהר... אלץ... איהר ווילט זיך פערהיטען פון דאס מינדעסטע...

די ווייב.

יא, איך וויל אלין, וואס איז מיינס... איך פערלאנג גארנישט, וואס געהערט ניט צו מיר.

די געליעבטע.

און איהר פערלאנגט נאך, איך זאל אין דעם העלפען.

די ווייב.

יא, און וועגען דעם בין איך געקומען מיט אייך ריידען. איך איבערצייג אייך, איך מאך פאר אייך קלאהר, דאס פאר אייך קען גארנישט ארויסקומען — איהר וועט מיין מאן ניט האבען. עס פרעגט זיך נור, אויב איהר זיינט גענוג עהרליך און אנשטענדיג אבצוטרעטען ווי איך וויז אייך אן, און אונז ניט פערשאפען אומזיסטע ליידען.

די געליעבטע.

און איך... וואס וועט זיין מיט מיר?... מיינע ליידען...

די ווייב.

אייערע ליידען... איך שטעל מיר פאר... איהר וועט נאך קריגען. (די געליעבטע וויינט. די ווייב מיט געבעט). טהוט וואס איך בעט אייך, לאזט אונז צורוה... ליעבע איז דאך ביי אייך ניט... מיין מאן האט געלד... איהר האט פון איהם גע־וויסע נוצען... איך וויל איהר זאלט פערלאזען די שטאדט... איך וועל אייך בעצאהלען... מיין מאן זאל ניט וויסען, וואו איהר זיינט אהינגעקומען... איך וועל אייך געבען געלד...

די געליעבטע.

(קומט צו זיך).

אייך איז גוט, איהר זיינט גליקליך, איהר האט אלעס...

די ווייב.

איך האב פון קיינעם ניט אוועקגענומען.



די געליעבטע.

איך וויל אויך פון אייך גארנישט אוועקנעהמען.

די ווייב.

איהר וועט עס ניט קענען.

די געליעבטע.

זאל זיין, איך וועל ניט קענען אוועקנעהמען פון אייך; אבער מאכען אונאנגענעהם פאר אייך קען איך דאך.

די ווייב.

טו זאגט מיר, וויפיעל איהר ווילט דערפאר.

די געליעבטע.

איך וויל גארנישט פון אייך. איך גלויב אייך אויך, דאס אייער מאן איז שטארק צוגעבונדען צו אייך. עס איז אבער דאך שווער צו זאגען, וואס עס קען פאסירען. איך וויים, אז אויך מיך האט ער ליעב.

די ווייב.

(גערייצט).

ער האט אייך ליעב... ווי מען האט ליעב אזא... איך בין זיין פרוי... מיר האבען קינדער...

די געליעבטע.

וואס ווילט איהר פון מיר?

די ווייב.

איך וויל פון אייך, וואס מיר קומט. איהר וועט גארנישט האבען פון דעם, אז אין אונזער לעבען וועט ווערען א ריס. (קור־צע פויזע. ביידע טראכטען).

די געליעבטע.

אויב איהר ווילט מיך אויסהערען. איך האב א פלאן.

די ווייב.

אך, גוט.

די געליעבטע.

איהר זאגט אליין, אייער מאן ווייס ניט, אז איהר ווייסט פון מיר. אייער לעבען ציהט זיך גליקליך... איהר זיינט זי־בער מיט אייער מאן... איהר האט איהם און איהר וועט איהם האבען... נו, זאל עס געהן אזוי אויך ווייטער... פערגעסט אן מיר... זאל אייך דאכטען, אז איך בין ניטא, איך עקזיסטיר ניט.

די ווייב.

איהר מיינט צו זאגען, מיין מאן זאל צו אייך קומען, ווי פריהער?

די געליעבטע.

דאס מיין איך.

די ווייב.

דאס האב איך דאך געקענט טהאן אהן אייך און ניט גע־דארפט קומען זיך בעראטהען מיט אייך. איך מאהן ניט ביי אייך און איך ווארף אייך ניט אויף. איך רייד מיט אייך גע־שעפט. איך ווייס, איהר האט נוצען פון מיין מאן. איך וויל פון אייך א טובה: פאהרט אוועק פון דאנען, מיין מאן זאל ניט וויסען, וואו איהר זייט אהינגעקומען. און איך וועל אייך דערפאר בעצאהלען. זאגט מיר, וויפיעל...

די געליעבטע.

(כאפט זיך מיט די הענד פאר די אויגען, רעדט דורך איינגע־האלטענעם געוויין).

אייך איז גוט, איהר זיינט גליקליך... איך האב גארנישט, קיינעם ניט, איך בין אליין... לאזט מיר האבען די ביינער פון אייער רייכען טיש... לאזט מיר שלינגען די ברעקלעך... (פער־שטעלט דעם פנים מיט די הענד).

די ווייב.

מיין גאט! ווי קען א מענש אזוי ריידען... ווי קען א מענש ימיט רעספעקט צו זיך און צו אנדערע אזוי ריידען...



די געליעבטע.

איהר פערשטעהט ניט, איהר ווייסט ניט... ווען איהר וואלט געוואוסט, ווי אזוי איך האב געלעבט... וואס איך האב דורכגעמאכט... איהר זיינט דאך א מענש, א פרוי, פערשטעהט מיך... איך בעט זיך ביי אייך... מיר וועט זיין גוט, אז איהר וועט מיר ערלויבען די ברעקלעך און די ביינער פון אייער רייכען טיש... דאס גיט מיר א שטיקעלע אינטערעס אין לעבען... דאס האלט מיך אויף...

די ווייב.

ווי קען מען דאס. און ווען איך זאל וויסען, — איך געה אונ־טער... ווי קען מען פערלאנגען... ווי קען מען אזוי ריידען.... זיך מאכען אזוי קליין און ניעדריג...

די געליעבטע.

אה, איהר ווייסט ניט... ווען איהר וואלט וויסען מיין לע־בען... איך האב ניט קיינעם, איך בין אליין... אליין... איך וועט ניט אינטערעסירען מיין לעבען; איך וויל אייך נור זא־גען, דאס איך בין אליין... עלענד... מען האט מיך שלעכט בע־האנדעלט, מען איז געוועזען צו מיר ברוטאל... מען האט מיך אויסגענוצט... איך האב ניט געוואוסט קיינמאל פון אמת'ע פריינדשאפט, פון ליעבע... איך האב ניט קיינעם. (די ווייב פערטראכט זיך אומעטיג מיט אראבגעלאזטע אויגען. די געליעבטע קוקט איהר אן זשעדנע, ווארטענדיג אויף אן ענטפער).

די ווייב.

איך וועל צוגעבען, אז אייך איז ניט גוט; עס איז טרויעריג.

די געליעבטע.

איך האב צום ערשטען מאל פערזוכט דעם טעם פון ליעבע... פון איבערגעבענער פריינדשאפט און ליעבע... (וויינט).

די ווייב.

(שטעכעדיג).

און איהר האט אויסגעקליבען מיין מאן!

### די געליעבטע.

(שוואך).

איך האב איהם ניט אויסגעקליבען... עס האט זיך אזוי געמאכט... מיר האבען זיך בעקענט, ער איז דאך אזא גוטער און עדעלער... מען איז קיינמאל ניט געווען אזוי צו מיר...

### די ווייב.

(שטעכעדיג.)

דאס איז ניט קיין אמת'ע פריינדשאפט און ליעבע... דאס איז א נאש... עס ווערט גיך מיאוס... אמת'ע פריינדשאפט און ליעבע פיהלט מען צו די אייגענע עהרליכע פרוי, צו די קינדער, צו דער פאמיליע...

### די געליעבטע.

אפשר איז ווי א י ה ר זאגט... איך האב איהם אבער ליעב... און ער איז גוט צו מיר... ער איז מיר א פריינד. איך האב עס קיינמאל ניט געהאט.

### די ווייב.

(אלין שטעכעדיג).

איהר וועט קריגען אן אנדערען.

### די געליעבטע.

(מיט א ציטער).

איך וויל ניט מעהר!... איך האב שוין גענוג גליק געהאט אין מיין לעבען... (וויינט. קורצע פויזע).

### די ווייב.

מיר פערלירען צייט. וואס בלייבט ביי אונז?

### די געליעבטע.

(רעדט שוואך).

איהר זיינט קיינמאל ניט אליין... איהר האט אייערע קינ־דער... ווען איך וואלט כאטש א י י ן קינד געהאט... איהר האט אייער שטענדיגע הויז... אייער היים. איהר זיינט געאכ־



טעט... קענט איהר ניט זיין רוהיג, אז ער קומט צו מיר אויף א קורצע ווײלע?... פון די אלע שטונדען און טעג פון וואך גיט ער מיר זעהר ווייניג... און בעהאלטענערהייט... און ווי וואלט איך געוואלט, און וואס וואלט איך ניט אוועקגעגעבען, ווען איך קען כאטש אויף א קורצער ווײלע געהען מיט איהם פאר דער וועלט און זאגען: ער איז מיינער... מיינער... און איהר האט איהם אויף אייביג, אויפ'ן גאנצען לעבען... און איך האב איהם עטליכע מינוט... אין שרעק... ווי א גנב... איך בין אבער גליקליך צו האבען אט די עטליכע גע'גנב'עטע מינו־טען... פערשטעהט איהר מיך איצט?... און איהר ווילט ניט פון אייער אוצר אראבגעבען א פערשימעלטע קופערנע מטבע צו א געשטראפטען בעטלער... קענט איהר ניט אזוי פיעל פער־גינען איינער, וואס האט קיינמאל גארניט געהאט און האפט אויף נאך ווייניגער?...

### די ווייב.

(אונגעדולדיג).

מיר פערלירען רייד און צייט. מיין מאן האט א פאמיליע און קיינער טאר ניט פערלאנגען! מיין מאן האט מיך ליעב און איך האב איהם ליעב.

### די געליעבטע.

(מיט א העכערען טאן, שטרענגער).

איך גלויב אייך, אבער איהר זעהט דאך, אז עס האט עפעס פאסירט... איך וויים, אז אויך מיך האט ער ליעב...

### די ווייב.

דאס דאכט זיך א י ה ם און דאס דאכט זיך א י י ך, און דאס איז ניט אויף לאנג... איהר דארפט ניט זיין גענארט... (אונגעדולדיג) איך פערלאנג פון אייך, איהר זאלט מיר העלפען גאנץ מאכען אונזער לעבען, און איך פערלאנג עס פון אייך ניט אומזיסט. וואס זאגט איהר?

### די געליעבטע.

וואס איך זאג?... אויב איהר ווילט מיך אויסהערען... איך

זאָג אײך ניט, אַז איך האָב אויך אַ רעכט אויף איהם... איך וועל דאָס ניט זאָגען... אויב איהר ווילט, וועל איך אײך נאָך זאָגען, אַז איך בין ניט עהרליך, ניט אַנשטענדיג — איך האָב גאָרניט און קײנעם ניט און אויך ניט קײן עהרליכקײט און אַנשטענדיגקײט. איך קען אָבער ניט אַזוי גרינג אָװעקלאָזען דאָס ביסעלע גליק, וואָס מיר האָט זיך געמאַכט... איהר זײנט אַזוי גליקליך, איהר האָט אַזוי פיעל; מײן איך, איך מעג נעהמען אַ טראָפּעלע פון אײערס, אַז מען גיט מיר... איך האָב ניט אַרויסגעשווינדעלט... איך מעג האַלטען, וואָס מען האָט מיר געגעבען...

### די ווייב.

איהר קענט עס ניט האַלטען. איך זאָג מײן מאַן נור אײן וואָרט, אַז איך ווײס פון אײך, און איהר זעהט איהם ניט מעהר. עס וועט אָבער זײן פיעל בעסער, אַז ער ווײס ניט, אַז איך ווײס פון אײך, און איהר ווערט פערפאַלען פון דאַנען.

### די געליעבטע.

און ווי איז, אַז איך טהו ניט, וואָס איהר פערלאַנגט, און איהר זאָגט איהם—אײער לעבען וועט דאָך שוין ניט זײן מעהר וואָס געווען, — איז דאָך שוין בעסער, אַז עס בלײבט ווי עס איז איצט.

### די ווייב.

דאָס איז אונמעגליך.

### די געליעבטע.

און דאַן קענט איהר דאָך פונדעסטוועגען ניט זײן אײנגאַנצען זיכער, אַז עס וועט זײן פונקט ווי איהר זאָגט. מעגליך, ער וועט זיך ניט באַלד אָבשרעקען און וועט דאָך קומען צו מיר.

### די ווייב.

(גערייצט).

אויב דאָס וועט זײן אַזוי, וועל איך איהם סטראַשען מיט אַ עפענטליכען סקאַנדאַל.



### די געליעבטע.

קען דאָך פּאַסירען, אַז אויך דערפאַר וועט ער זיך ניט אָבשרעקען.

### די ווייב.

איך קען מײן מאַן: ער איז אַ העכסט־אַנשטענדיגער מענש. ער וועט דערצו ניט דערלאָזען.

### די געליעבטע.

און אויב עס וועט דאָך מוזען קומען דערצו?

### די ווייב.

וועל איך עס טהאָן.

### די געליעבטע.

און בײ אײך איז דאָס רעכט... און איהר זאָגט אַלײן, אַז עס איז נור אויף אַ ווײלע, עס איז אַ נאַש... לאָזט עס איבער... עס וועט פון זיך אַלײן צו גאָרנישט ווערען, ווי איהר זאָגט...

### די ווייב.

נײן, דאָס קען איך ניט... איך קען ניט רוהיג זײן... מײן הויז איז מיר ניט אין אָרדנונג... קײן זאַך אין הויז, דוכט מיר, איז ניט אויפ'ן אָרט... אַלצדינג שאָקעלט זיך... איך קען ניט רוהיג זײן...

### די געליעבטע.

איך וועל זאָגען, אַז איך טהו אײער פערלאַנג, ווי־זשע קענט איהר זיכער זײן, אַז מאָרגען־איבערמאָרגען האָט ער ניט אַן אַנדערע און איהר ווײסט גאָרניט דערפון?

### די ווייב.

אַז איך ווײס ניט, איז עס גאָרניט, בין איך רוהיג. איך וואָלט מעהר צופרידען געווען, אַז איך ווײס פון אײך אויך ניט. (שטעלט זיך אויף) איך מוז געהן. וואָס זאָגט איהר מיר? איך האָב אײך קלאָהר בעוויזען, אַז איהר וועט איהם מעהר ניט האָ־

בען. היינט נאָך מוז דערצו אַז ענדע זיין. עס האַנדעלט זיך נור אום דעם, אויב איהר זיינט וויליג מיר צו פערשפּאַרען אונ־אַנגענעהמליכקייטען, ניט מאַכען גרעסער דעם ריס אין אונזער לעבען. זאָגט מיר וויפיעל. (זי נעהמט אַרויס אַ פּעקעל געלד פון האַנדבייטעל).

די געליעבטע.

(שטעלט זיך אויף, ענטשלאָסען און אויפגערעגט).

ניין, איך וועל עס ניט טהאָן! אַליין אָבגעבען דאָס ערשטע ביסעלע גליק, וואָס מען האָט מיר געגעבען... אַליין אוועקוואַר־פען... איהר מוזט עס צונעהמען איבערגעוואַלט!...

די ווייב.

וועט אייך גרינגער זיין, אַז איך וועל נאָך מעהר ליידען? (געהט צום טיהר).

די געליעבטע.

יא, מיר וועט בעסער זיין... איך האָב אַזוי פיעל געליטען... מען האָט מיר אַזוי פיעל שלעכטס געטהאָן... און איהר זיינט אַזוי שלעכט... וועט מיר גרינגער זיין וויסענדיג, אַז איהר וועט ליידען דורך מיר... אויך איהר וועט בלוטען, פערגיסענדיג מיין בלוט. (זעצט זיך צוריק, אָבגעמאַטערט).

די ווייב.

(עפענט די טיהר, לעגט אַריין צוריק דאָס געלד אין האַנדבייטעל).

און דאָס איז דאָס לעצטע וואָרט?

די געליעבטע.

(מיט פערשטיקטען געוויין).

דאָס לעצטע... דאָס לעצטע... (בעגראָבט איהר פּנים אין ביידע הענד. די ווייב געהט אַרויס.)

(פאָרהאַנג).

